זאָלן די דאָזיקע זכרונות פון מיין געבוירן־שטעטל זיין געהייליקט די, וואָס זייער אָנדענק איז אויף תמיד פאַרבונדן מיט יעדן טאָג, וואָס כ׳האָב דאָרט געלעבט:

**מיינע הייליקע טאַטע־מאַמע, יוסף און לאה.**

**מיינע האַרציקע ברידער, שמואל און לייב מיט זייערע פאַמיליעס.**

**מיין טייערן אומפאַרגעסלעכן אַכט־יאָריקן בן־יחיד, שימעק און זיין מאַמען.**

זאָל מיין בוך זיי דינען ווי אַ קדיש צו זייערע יאָרצייטן און ווי אַ מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

## א י נ ה אַ ל ט :

## טייערער הערשל פערלמוטער

איר בעט, כ'זאָל אָנשרייבן אַ מין הקדמה צו אייערע זכרונות, אָדער זכרונותדיקע דערציילונגען, און אייך פֿאַלט גאָר ניט איין, אַז די הקדמה האָט שוין אָנגעשריבן אַן אַנדערער. און ווייסט איר ווער ס'איז דער אַנדערער? טאַקע איר אַליין, הערשל פערלמוטער.

דאָס ערשטע בוך פון אַ שרייבער איז די אמתע הקדמה צו זיינע ווייטערדיקע ביכער און צו זיך אַליין.

און אָנגעשריבן האָט איר אייער הקדמה אין אַ וואַרעמען, טאַטע־מאַמעדיקן יידיש, באַטעמט און באַגלייבעוודיק, ווי די שטעטלשע העלדן, געטריי צוגעפּגעטוליעט אין זכרון, וואָלטן נאָך געלעבט עד־היום און מיט די אייגענע ליפּן דערציילט און אויסגעשפּילט זייערע טראַדיציאָנעלע יוגנטלעכע אַוואַנטורעס און, אויב מע קען אַזוי זאָגן, פּאָלקסטימלעכע חלומות.

איך האָב געלייענט דעם כתב־יד פון „מיין סטערצעוו" נאָך איידער איך האָב אייך געקענט פּערזענלעך. שוין דעמאָלט האָב איך דערפילט די עכטקייט און די גוטהאַרציקייט פון אייערע מעשיות, וואָס זייער כוונה איז צו זיין וואָס זיי זיינען, און ניט פּאַפּירענע ליטעראַטור.

אַז מיר האָבן זיך שפּעטער באַקענט אין פּאַריז, איז מיר דער מענטש, וואָס מע רופט אים אויך מחבר, נאָך נעענטער געוואָרן. און במילא איז אויך געשלאָסן געוואָרן

אַ פריינטשאַפט צווישן אייערע העלדן און מיינע „שוואַכ־קייטן".

און איצט אַז איך לייען די מעשיות צום צווייטן מאָל, איז דער איינדרוק אַ פיל שאַרפערער מחמת נאָך אַ סיבה: איך קען אויף אַ רגע ניט פאַרגעסן, אַז איר האָט זיי געשריבן נ אָ כ ד ע ם ווי איר האָט איבערגעלעבט און איבערגעשטאָרבן אוישוויץ.

דער רויך פון אוישוויץ, אָט דער טויטרעפריין, באַגלייט מיך אויף יעדער שורה פון אייערע דערציילונגען. און דער וווּנדער באַשטייט אין דעם, וואָס אָט דער שוואַרצער רויך האָט ניט פאַררייכערט אייער פרילינג־הימל, ניט פאַרטונקלט אייער ליכטיקן, פרישן זכרון; וואָס איר האָט געראַטעוועט פון קאַלכאויוון אַזאַ געשמאַקן אידיאָמאַטישן יידיש פול מיט ווערטל־חן און איידעלן הומאָר. אפילו כלי־זמר־ און בדחנים־לשון איז דאָ ציטערדיק אויפגעהיט. אויך דאָס בעל־עגלה־לשון פון קלמן־אָרטשיק איז ביז גאָר חנוודיק, עלעהיי דער בייטש זיינער איז געפלאָכטן פון זיידנס אָדער פון ווייכע רצועות...

נאָך אוישוויץ — און ניט נאָר איז ביי אייך דער מענטש ניט פאַרמיאוסט געוואָרן, נאָר ער איז ביי אייך ממש אַ מענטש.

אַלע שטעטל־געשטאַלטן זיינען באַזונגען מיט רירנדיקער ליבשאַפט. איר קושט־אויס זייערע נעמען מיט צערטלעניש: פישעלע, רחלע... אַפילו די העלדין פון דער לעצטער, סאַמע לענגסטער און סענטימענטאַלסטער דערציילונג, די העלדין וואָס איז „שיין ווי אַ מלאך" און אין דער אמתן איז זי גאָר ניט אַזאַ צאַצקע — הייסט ביי אייך חוהלע. — סיי אין די דערציילונגען, און סיי אין לעבן: אַזוי פיל מענטשן־ליבשאַפט נאָך אוישוויץ!

ליבשאַפט האָט אַ גילדענעם עכאָ. האָב איך טאַקע געהערט ווי אייערע לאַגער־חברים אין פּאַריז רופן אייך ביז היינט: הערשעלע...

פאַלט מיר איין ביים ענדיקן דעם בריוו, אַז אין אייער פאָלקסשרייבערישן נוסח און יידישלעכער האַרציקייט איז פאַראַן א קרובהשאַפט צו יעקב דינעזאָן. און אַז עס ווערט אַרויסגערופן אָט דער נאָמען, דערמאָן איך זיך אויך אַז דינעזאָן האָט אפילו אַ ראָמאַן מיטן נאָמען הערשעלע.

איצט, נאָך דער "הקדמה" וואַרט איך אויף אייער צווייטן בוך: וועגן אוישוויץ. זאָל אייך שטאַרקן אייער ריינע מענטשן־ליבשאַפט ביים שילדערן אייערע דאָרטיקע העלדן.

מיט פריינטשאַפט

אייער א. סוצקעווער

תל־אביב, זעקסטער נאָוועמבער, 1966.



מיר זענען געלעגן אויף די נאַרעס אין די שטעלער, און אין טרוים האָבן מיר געזען אונדזערע היימען, געפילט זייער שטילקייט, זיך צוגעהערט וואָס עס דערציילט די נאַכט.

דערציילט האָט זי נישט נאָר פון טויט, נאָר אויך פון אַ פאַר־גאַנגענהייט פון שטעט און שטעטלעך, פון הייזער פון ציגל און כאַטקעס פון האָלץ, ווו יידן האָבן געוווינט דורות־לאַנג. פאַר־שידענע יידן, פאַר וועלכע די וועלט איז געווען פרעמד, און אַזעלכע וועלכע האָבן געוואָלט ענדערן די וועלט. און אין דמיון און זכרון האָבן אויפגעלעבט אונדזערע שטעט און שטעטעלעך, באַרימטע און אומבאַקאַנטע, גרויסע און קליינע, וועלכע זענען אפשר קיין־מאָל נישט דערמאָנט געוואָרן אין דער געשיכטע, אפילו נישט אין אַ בוך אָדער אַ צייטונג.

ווער ווייסט ווו עס ליגט סטערצעוו? ווער סטערצעוו? — וואָס סטערצעוו? וואָהין האָבן געפירט בעת די מלחמה די וועגן פון סטערצעוו? קיין וואַרשע, פּאַריז, ניו־יאָרק, ירושלים? ווער ווייסט? אָבער קיין טרעבלינקע און אוישוויץ האָבן זיי באַשטימט געפירט.

איצט קומט אַ באַשיידענער יידישער מענטש, אַ געבוירענער אין סטערצעוו, מיינס אַ חבר פון לאַגער, און פּרוווט אין דער שטילקייט פון זיין שטוב אויפבויען אויף דאָס ניי אַ שטעטל, אַ יידיש שטעטל ערגעץ ווו אין פּוילן, אַ נישט באַקאַנט שטעטל, וואָס וועט אַ דאַנק הערשל פּערלמוטער ווייטער לעבן אינעם זכרון פון מענטשן, וועלכע לייענען יידישע ביכער.

סטערצעוו „באַרופן צום לעבן" דורך הערשל פּערלמוטער איז אַ רעאַליטעט. „מיין סטערצעוו" איז אַנטשטאַנען אינעם האַרץ און

דמיון פון אַ מענטש פאַר וועלכן דער אָנהויב און דער מיטל־פונקט פון זיין געפילן־מקור געפינט זיך אין אָט דעם קליינעם שטעטל. דאָרט האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט די ווערטער — מ יי ן  ק י נ ד ,  און דאָרט האָט ער צום ערשטן מאָל געזאָגט — ט אַ ט ע ,  מ אַ מ ע .

סעטערצעוו איז פאַרגאַנגענהייט און סטערצעוו איז קעגנ־וואַרט. אויך מאָרגן וועט דער יידישער לייענער געפינען אין דעם בוך אַ צייכן, אַן אָנדענק פון נאָך איין אָפּגעמעקטן יידישן ישוב. דער נאָמען: סטערצעוו איז אַ צופעליקער. דאָס שטעטל האָט גע־קענט טראָגן אַ גאָר אַנדערן נאָמען.

דער טיטל „מיין סטערצעוו" איז ווי אַ הייסע, ביטערע, טרער.

**סטאַניסלאַוו וויגאָדזקי**

וואַרשע, דריטער סעפּטעמבער, 1966.

## אַ וואָרט פון מחבר

שרייבן אַ ספר איז ביי יידן געווען אַ שמחה אין אַלע דורות, בפרט נאָך פאַר אַ ייד, וואָס האָט איבערגעלעבט אוישוויץ. דאָרט האָט ער דאָך אַפילו נישט געקענט חלומען, אַז ער וועט נאָך האָבן די זכיה אָנצושרייבן אַ בוך און אַרויסגעבן עס אין אַ יידיש אייגן לאַנד — אין ישראל — וואָס וועט ווערן אַ היים פאַר אונדזער פאָלק, און ווו עס וועט געמשפט און פארמשפט ווערן דער צורר היהודים, אַדאָלף אייכמאַן.

ביים שרייבן מיינע זכרונות האָב איך נישט געטראַכט צו ווען דערמיט דערגרייכן אַ קינסטלערישע מדרגה. מיין ציל איז געווען אַרויפצוברענגען אויפן פּאַפּיר מיין געבוירן־שטעטל, וואָס איז אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן, און עס לעבעדיק מאַכן פאַר די אויגן פון היינט.

מיין שטעטל סטערצעוו האָט פאַרמאָגט איינגאַנצן פינף הונדערט יידישע משפחות, אָבער דער שטייגער־לעבן איז געווען אַזאַ פאַר־ביקער, אַז אַ סך שרייבער וואָלטן פון דאָרט געקענט ציען יניקה פאַר קינסטלערישע שאַפונגען.

זינט יאָרן האָט דעריבער געמאַנט אין מיר אַ גליאיקער פאַר־לאַנג צו געבן, אויף מיין באַשיידענעם אופן, אַ תיקון די געשטאַלטן פון מיין שטעטל סטערצעוו, וואָס וועלן קיינמאָל נישט אַרויס פון מיין זכרון.

# דאָס שטעטל

אַחוץ די אַלע איינגנשאַפטן, וואָס אַ שטעטל דאַרף האָבן, ווי אַ שטייגער: אַ פּאָסט מיט אַ טעלעגראַף, אַ טייך, אַ בית-עולם, אַ רב, אַ בית-המדרש, צוויי חסידים-שטיבלעך, אַ גערער און אַן אלעקסאנדערער, אַ תלמוד-תורה און להבדיל אַ קלויסטער מיט אַ גלח, אַ שטאָטנאַר, עטלעכע נגידים, אַ סך קבצנים — האָט דאָס שטעטל סטערצעוו, אָדער ווי ס'האָט זיך געשריבן שטשערצאָוו, זיך אויסגעצייכנט מיט די גרויסע וועלדער פון אַלע מינים, וואָס האָבן עס אַרומגערינגלט. זיי האָבן מיט זייער רייץ געלאָקט די גרויסשטאָטישע איינוווינער און אַהערגעצויגן אַן אַ שיער דאַטשניקעס, וואָס פלעגן דאָ איינדינגען אויפן זומער זייערע ווייבער און קינדער. זיי, די מענער, האָבן זיך אַהערגעכאַפּט אָפּרוען נאָך אַ וואָך האָרעוואַניע אין דער פאַרשטיקטער שטאָטישער לופט, אויף שבת און זונטיק.

די לצים פונעם שטעטל האָבן די שבת-זונטיקדיקע יונגעלייטלעך גערופן „די קוימענקערער", זיך שטאַרק געוויצלט אויף זייער חשבון, אָפּגעטאָן פאַרשידענע שפּיצלעך. אַזוי פלעגן זיי זיך אַריינקריגן בגניבה אין זייערע וווינונגען, ביי איינעם פאַרקניפּן דאָס ליילעך, ביים צווייטן אונטערשטעלן אַ שיסל וואַסער אונטער דער קאָלדרע, ביי אַ דריטן אָנבינדן אַ גלאָק אונטערן בעט, און כדומה אַזעלכע זאַכן, ווי לצים קאָנען...

דאָס שטעטל האָט אויך פאַרמאָגט אַ סך יידישע בעלי-מלאכות: היטלמאַכערס, שוסטערס, שניידערס — „באַשטעלטע" און טאַנדעטניקעס (היינט וואָלט מען זיי גע-

רופֿן קאָנפֿעקציאָנערן). זיי האָבן געאַרבעט יומם ולילה, אויפֿגעשטעלט מלבושים, געפֿאָרן מיט דעם אויף מערק און באַקליידט די פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער.

די טאַנדעטניקעס האָבן געוואַלדיק אויסגענוצט זייע־רע אַרבעטער, שוין אָפּגערעדט פֿון די לערנייונגען, וואָס האָבן ביי זיי במשך פֿון עטלעכע יאָר געטאָן כל עבודת פּרך: געהאַקט האָלץ, געשלעפּט וואַסער פֿון ברונעם, אָדער פֿון טייך, געוואַשן ווינדעלעך פֿון דעם באַלעבאָס קינדער און וואָס נישט?

נישט בלויז זיי, נאָר אפֿילו די געזעלן, די געלערנטע אַרבעטער שוין, האָבן קיינמאָל נישט געאַרבעט אויף דער שעה, אָדער אויף דער וואָך, צי גאָר אויפֿן חודש, נאָר אויפֿן זמן, דאָס הייסט: פֿון פּסח ביז סוכות, אָדער פֿון סוכות ביז פּסח, פֿאַרן פּרייז פֿון אַ זומער־אָנצוג צי אַ ווינ־טער־פּאַלטן. און אַז שוין גאָר גוט, האָבן זיי אויך באַקומען מיטאָגן.

צוליב אָט די טאַנדעטניקעס טאַקע האָט דער לאָמער בעריש פֿאַראיבעריקט נאָך אַ צונאָמען: „גוט יום־טוב".

פֿאָרגעקומען איז די מעשה אין יאָר 1905, אינעם גאַנג פֿון דעם דעמאָלטיקן „אחדות"־פּעריאָד, ווען ס'זענען אין לאַנד אויסגעבראָכן שטרייקן קעגן צאַרישן רעזשים. דער לאָמער בעריש האָט אויך געוואָלט זיך באַטייליקן אין אָט דער געשעעניש. האָט ער גענומען זיין לאָמען פֿוס, וואָס ער האָט אים ביים גיין, נעבעך, געשיקט מיט אַ צוויי איילן פֿאָראויס, און זיך געלאָזט איבערן שטעטל צו די טאַנדעט־ניקעס מיט זיין אייגענעם פּזמון: „מען טאָר נישט אַר־בעטן — ס'איז יום־טוב!"

די טאַנדעטניקעס האָבן אים אָנגעקוקט ווי אַ חסר דעה ר"ל, אים מסתמא געהערט ווי דעם קאָטער און שפּאָטיש

אים נאָכגעשריגן: גוט יום־טוב! גוט יום־טוב! איז פֿון דער־מאָלט אָן, אויב האָט ער װײניק געהאַט אײן נאָמען מיט אַ פּאַטשעװוקע „דער לאָמער בעריש", האָט ער נאָך צובאַקומען אַ „גוט יום־טוב!".

זײַן װײַב יהודית־נעכע האָט די נאַטור באַשאַנקען מיט אַ טאָפּלטער פּאַרציע װי איר מאַן. זי איז געװען באַלד צװײ מאָל אַזױ גרױס װי ער, און אַזױ אױך מיטן כּוח הדיבור — זי האָט געקאָנט מיט אים מער װי אײן מאַנצ־פּאַרשױן אַרומדרײען אַרום פֿינגער. דאָס שטעטל האָט זי גערופֿן „יהודית־נעכע מיטן מענה־לשון". אױך זי האָט שױן, אין אײנװעגס, געגאַסן פֿון איר מאַנס פּריש־געבאַקענעם צונאָמען.

אין יענער צײַט איז זי זײער שטאַלץ געװען מיט איר מאַנס אױפֿטוען. זי אַלײן האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ גאַנצן „ידיד" מיט קאַרל מאַרקסן. מען דערצײלט, אַז װען זי איז מיט אַ צײַט שפּעטער אַמאָל געקומען אין דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, װאָס איז געגרינדעט געװאָרן אין שטעטל, האָט זי, באַטראַכטנדיק אױף די װענט די צעהאַנגענע בילדער פֿון פֿאַרשידענע באַרימטע מענטשן, דערזען דאָרט אױך דאָס בילד פֿון מאַרקסן. האָט זי אַ פֿרעג געטאָן: װער איז דאָס? ענטפֿערט מען איר, פֿאַרשטײט זיך — דאָס איז קאַרל מאַרקס.

— װאָס! דאָס איז קאַרל מאַרקס? האָט יהודית־נעכע אַ פֿאַרחידושטע איבערגעפֿרעגט — כ'גלײב נישט. װאָס? כ'דערקען דאָך אים נישט...

בכלל איז שװער געװען צו געפֿינען אינעם שטעטל אַ צװײ ײדן, װאָס זאָלן נישט האָבן עפּעס אַ צונאָמען. איר האָט געקאָנט הערן אַחוץ „לאָמער בעריש", אַזעלכע נעמען: בלינדער טוביה, טױבער בערל, משוגענער נח, גרױסער

משה, קליינער יידל, לאַנגער נחמן, געלער אַנטשל, שוואַר־צער רפאל, ווייסער פייוויש, שלמה פּאַרטקע, הענעך פּע־טרושקע, יאָסל די באָבעס, כאַמל שטאַכער, שאול שיסער, יאַנקל ברענער, אפרים קזשאַק, יאָמע האַק.

דער לעצטער האָט זיך דעם צונאָמען איינגעהאַנדלט פון די אורחים, די שנאָרערס, וואָס ער האָט זיי נישט גע־קאָנט פאַרטראָגן. ווען איינער אַזאַ פאַרשווין האָט זיך באַוויזן אין זיין שטוב בעטן אַ נדבה, פלעגט ער אים דער־לאַנגען אין האַנט אַריין אַ האַק. ווען יענער פלעגט אַ פאַרחידושטער פרעגן, וואָס דאָס באַטייט, פלעגט ער אים ענטפערן:

— דאָס איז אויף צו גיין אין שטאָל אַריין האַקן האָלץ. קיין געלט בחינם גיב איך נישט!

דער אורח פלעגט אים אָנקוקן ווי אַ משוגענעם און פאַרשווינדן.

אַלע שנאָרערס האָבן אים אויסגעמיטן, ווייסנדיק, אַז ער גיט אָנשטאָט אַ גראָשן — אַ האַק. זיי האָבן אים דערפאַר גערופן: יאָמע האַק!

אַמערגסטן האָבן ביי אים אָפּגעשניטן די פורים־שפּי־לערס, וואָס האָבן געאַרבעט איבער זייער פורים־שפּיל שיי־נע וואָכן, כדי צו קאָנען דערמיט משמח זיין די באַלע־באַטים און טאַקע אויך פאַרדינען אַ פּאָר גילדן, וואָס אויף דעם האָט מען געוואַרט אַ גאַנץ יאָר.

ווען זיי זענען אָבער אַריינגעפאַלן צו יאָמע האַק, פלעגט ער זיי קודם־כל הייסן איבערזינגען איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל. דערנאָך פרעגן אויב זיי קאָנען זינגען „יזכר לחי״? אַז יענע פלעגן ציען מיט די פּלייצעס, נישט אָנהייבן צו וויסן, וואָס דאָס איז אַזעלכעס, און שאָקלען פאַרשעמט מיטן קאָפּ אויף ניין, פלעגט ער נעמען מיט

זיי איינזינגען „יזכר לחי, יזכר לחי, נאַשאַ וויעראַ יעוורעיס־קאַ״, איבערחזרנדיק אַ וואָסערע צען מאָל.

די קינדער, נעבעך שוין האַלב פאַרמאַטערטע, אָבער פאָרט צופרידענע, האָבן זיך געריבן די הענטלעך, טראַכטנ־דיק, אַז מי יודע וואָסער פדיון זיי וועלן דאָס פון אים באַקומען פאַר דער טירחה.

יאָמע האַק האָט אָבער שטאָט דעם אויסגערופן צו זיין ווייב:

— בלומע! מאַך אויף דעם קעלער!

אַז די קינדער פלעגן דאָס דערהערן, פלעגן זיי, נעבעך, אין גרויס פחד אַנטלויפן אָן איין גראַשן, און געוואָרנט אינדרויסן אַלע אַנדערע פורים־שפּילערס, וואָס האָבן זיך געקליבן צו אים אַריינגיין, זיי זאָלן נישט וואַגן עס צו טאָן, ווייל דער קעלער שטייט דאָרט פאַר זיי אָפן.

פאַרוואָס אָבער מען האָט גערופן דעם אייזן־סוחר „זלמן אָקס״, — האָט קיינער נישט געוווּסט. טייל האָבן דאָס גע־פרוווט אויסטייטשן דערמיט, ווייל ער איז געווען אַ ייד אַ גיבור, הויך און דיק ווי עוג מלך הבשן. אַנדערע ווידער ווייל ער איז געווען שטאַרק ווי אַן אָקס. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ביים שלעפּן איינער אַליין די שווערסטע משא, וואָס אַנדערע צען יידן וואָלטן זיך דערמיט קוים אַן עצה געגעבן.

אַזוי צי אַזוי, נאָר ביים מסחר איז ער ווייט קיין אָקס נישט געווען. ער האָט זיך געהאַט זיינע פאַרשידענע איינפאַלן ביים פאַרקויפן זיין סחורה: אַזוי, למשל, פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אין אַ מאַרקטאָג, אין שניט־צייט, אויף אַן אָרט, פון וואַנען ס׳האָבן געפירט פאַרשידענע וועגן אין שטעטל אַריין. ער איז דאָרט געזעסן מיט זיינע קאָסעס,

געקלאַפּט אין זיי און אַרויסבאַקומען קלאַנגען ווי פון קירכן־גלאָקן, דאָס האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. די דורכגייענדיקע פויערים פלעגט ער אָפּשטעלן און אַ פרעג טאָן: וואָס גייסטו היינט, גאַספּאַדאַזש, קויפן אויפן מאַרק? אַז יענער פלעגט ענטפערן, אַ שטייגער, אַ פּאָר הויזן, פלעגט זלמן אָקם אים באַלד צוריקפרעגן: וואָס עפּעס הויזן? וואָס וועסטו האָבן פון הויזן? הויזן צערייסן זיך און ס׳בלייבט גאָרנישט פון זיי. דו, פּריץ לעבן, קויף בעסער אַ קאָסע! מיט דער קאָסע וועסטו קאָנען שניידן קאָרן, ווייץ, האָבער, גערשטן, היי, און ס׳בלייבט שטענדיק גאַנץ, ס׳צע־רייסט זיך קיינמאָל נישט. ער פלעגט אין אים אַזוי לאַנג אַריינרעדן, ביז יענער האָט זיך געלאָזט איבערצייגן און איז אַהיימגעגאַנגען פון מאַרק מיט אַ קאָסע און אָן הויזן.

פונקט אַזוי האָט ער באַוויזן איבערצורעדן אַ צווייטן, וואָס איז געקומען קויפן שיך פאַר זיין זון, אַ נאָר וואָס צוריקגעקומענעם פון מיליטער־דינסט. אָדער גאָר אַ פּוי־ערטע, וואָס איז געגאַנגען אויפן מאַרק איינקויפן נאַפט אָדער זייף. אַלע, אַלע זענען זיי אַהיימגעגאַנגען מיט קאָסעס...

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ שם מיט זיינע גרויסע מבינים אויף חזנים. דאָס איז געווען אַ מעלה מיט אַ חסרון. אַ מעלה, וואָס די בעסטע חזנים האָבן געחלשט צו ווערן ביי זיי אויפגענומען. און אַ חסרון, וואָס צוליב דעם האָט זיך זעלטן אַ חזן דערהאַלטן אין שטעטל, ער איז באַלד אויסגעכאַפּט געוואָרן אין דער גרויסער שטאָט אַריין. אַזוי איז דאָס געווען מיטן חזן פון דער לאָדזשער ווילקער שול, משה סטערצעווער האָט מען אים טאַקע גערופן, און אַזוי מיט זיינע זין: יחיאל חזן האָט מען גענומען קיין פּאַביאַניץ, שאול קיין אַמעריקע, איטשע קיין קאַליש, וכדומה.

ווען דער דאָזיקער איטשע איז אַ שטיקל צייט געווען חזן־שוחט אינעם שטעטל, האָט מען אים זייער גערן גע־האַט, מחמת ער איז געווען אַ גרויסער וויצלער, אַ ווערטל־זאָגער. ער פּלעגט אַלע מאָל דערמאָנען, אַז כאָטש מען זאָגט: „אַלע חזנים זענען נאַראָנים", קאָנען אָבער נישט אַלע נאַראָנים זיין חזנים. ווען איינער פון די משוררים האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ביי אַ חופּה, ווען ער זינגט דעם „מי אַדיר", און ס׳קומט צו „את הכלה", ציט ער אַזוי לאַנג? פּלעגט ער ענטפערן: ווייל די כלה קומט שטאַלטנע אָנגעצויגן. און נאָך אַזעלכע ווערטלעך. דעריבער, הגם ער איז געווען אַ שיינער בן תורה, ווי געוויינלעך אַ חזן־שוחט דאַרף זיין — האָבן די משוררים אים געהאַלטן פאַר אַ „בלאַטן", טאַקע צוליב זיין אָפּטן שטיפן מיט זיי. דערביי איז ער געווען אַ ווילער ייד, דווקא נישט קיין בטלן. די משוררים זענען געווען ביי אים, ווי די אויגן אין קאָפּ. ביים איינזינגען פלעגט ער זיי שטענדיק געבן צו עסן געבראָטענע מילצלעך, וועלכע האָבן צו אים געהערט פון די בהמות און קעלבער, וואָס ער פלעגט זיי שעכטן ביי די קצבים. ס׳האָט אים אפילו נישט געאַרט, אַז די משוררים האָבן אויפגעגעסן ראש־השנה פאַר שופר־בלאָזן די פּעקלעך נאַשוואַרג, וואָס זיין ווייב האָט צוגעגרייט פאַר יעדן באַ־זונדער: אַ קונדל, אַ שטיקל עפּל־קוכן, אַן אייער־קיכל און אַ רויט עפּעלע. ער פלעגט אויך זיך מאַכן נישט זען, ווען ווער פון די דערוואַקסענע משוררים פלעגט זיך אַ טשעפּע טאָן מיט זיינע טעכטער הינדע און רויזע, צו וועלכע קיינער האָט נישט געקאָנט זיין גלייכגילטיק, אמתע יפת־תוארס.

ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין חזנות. זיין קענ־טעניש האָט ער אַרויסגעוויזן טאַקע ביי אַ חופּה, ווען ס׳האָט זיך אויף איר געפונען עפּעס אַ גאַסט פון אויסלאַנד, אַ קרוב

אויף דער חתונה, וואָס האָט אים פאַרגעלייגט צו מאַכן אַן אל מלא רחמים — נאָך וועמען פון די עלטערן, וועלכע האָבן, נעבעך, נישט זוכה געווען צו זיין ביי זייער קינדס חופּה. אַז ס'איז געקומען צו „את נשמת" האָט ער באַוויזן זיין גאַנצן חזנישן טאַלאַנט, און ס'איז געוואָרן אַ יללה, ס'האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ לוויה, נישט דאָ געדאַכט, איידער אַ חתונה. ס'האָט אָבער געלוינט, ווייל דער גאַסט האָט דערפאַר גוט געסילוקט דעם חזן.

ביים אויפנעמען אַ חזן־שוחט זענען אָנגעגאַנגען אינעם שטעטל גרויסע קאַמפן צווישן די גערער און אַלעקסאַנדערער חסידים. יעדערער פון זיי האָט געוואָלט, אַז דער קאַנדי־דאַט זאָל געהערן צו זייער שיטה, מערסטנטייל האָט אָבער אַלע מאָל מכריע געווען די כלי, דאָס הייסט די שטימע, דער טאַלאַנט פון חזן. אויב ער האָט דערלאַנגט אויף פּראָבע אַזוי ווי אין פּסוק שטייט, האָט אַפילו דער צד שכנגד סוף כל סוף געמוזט נאָכגעבן. אַזוי איז געווען דער פאַל מיט לייביש מלאָט, דעם בלאַשקער חזן. כאָטש מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין צו גרויסער ירא־שמים. ער האָט געטראָגן געפּרעסטע הויזן מיט אַ קנייטש, גע־פּוצטע קאַמאַשלעך, אַ געשוירן בערדל, אַ העמד מיט אַ קראַוואַט. מיט די משוררים פלעגט ער איינזינגען שפּילנ־דיק אויף אַ פידל. ער האָט גערעדט מיטן ווייב כלי־זמר־לשון, עפּעס גאַרנישט ווי אַ חזן. ביים עמוד האָט ער אָבער אַוועקגעלייגט אַ דאַווענען, אַז אַלע זענען נתפּעל געוואָרן. אַפילו די קעגנער זיינע האָבן נישט געהאַט קיין חשק אַרויסצולאָזן אַזאַ כלי... אגב האָט ער אויך זיך נישט לאַנג געהאַלטן אינעם שטעטל. קוים, קוים ביז איבער די ימים נוראים, באַלד דערנאָך — היידאַ, אַוועק קיין בעלכאַטאָוו.

מיט וואָס דאָס שטעטל האָט זיך געקאָנט גרויסן, איז

געװוען מיט דער פּרעכטיקער יוגנט. די בחורים האָבן מײַסטנס געשטאַמט פֿון בית־המדרש, װאָס זענען נעבעך קאַליע געװאָרן, אַראָפּ פֿונעם גלײַכן װעג, ביסלעכװײַז אױפֿגעהערט לערנען, גענומען לײענען ביכלעך, שפּאַצירן מיט מײדלעך, געשפּילט טעאַטער, מיט אײן װאָרט, געװאָרן אַפּיקורסים. דאָס האָט מען געהאַט צו פֿאַרדאַנקען שמואל רײַך, דעם מצבה־קריצער, עזריאל בעקערס אײדעם. מען האָט אױף אים געזאָגט, אַז ער האָט אָפּגעגעבן די נשמה צום טײַוול. ער האָט געפֿירט אַ הויז װי בײַ גױים, געגעסן קאַלבאַס, געראױכערט פּאַפּיראָסן אום שבת. זײַן װײַב איז געגאַנגען אין אירע אײגענע האָר, מיט אַנטבלױזטע הענט. אין זײַן שטוב פֿלעגן זיך צונױפֿקומען די „פּאַסטעמפּאָװוע" מײדלעך און יונגעלײַט פֿון שטעטל, און מען האָט געהוליעט, געטאַנצט אױף װאָס די װעלט שטײט.

דאָס האָט ער אַרײַנגעצױגן אין זײַן נעץ די בחורים, צו ערשט — זײַן אײגענעם שװאָגער, הערשל עזריאלס, װאָס האָט געהאַט אַ פֿײערדיקן קאָפּ צו לערנען. מען האָט געמײנט, ער װעט זײַן אַ גאון עולם. הערשל האָט מיטגעברענגט סראָלקע אפֿרימס, מאיר מאָטל פֿאַרבערס, און נאָך און נאָך, און געמאַכט פֿון זײ אַ תל. ער איז געװוען אַ כופר בעיקר, אָנגעשטעקט די אַנדערע מיט אַ פֿילאָזאָפֿיע, אַז ס'איז ר"ל קײן גאָט נישטאָ אין הימל, נישטאָ קײן גיהנום און נישט קײן גן־עדן. ס'איז זיך נישטאָ, אַזױ אַרום, פֿאַר װאָס צו שרעקן. די נשמה פֿון מענטשן דאָס איז אַזאַ מין גאַזאָמעטער. גײט ער אױס, שטאַרבט דער מענטש, און פֿאַרטיק. פֿון װאַנען ער האָט די זיכערקײט דערױף, האָט ער אפֿילו נישט געקאָנט באַװײַזן, װײַל ביז דעמאָלט האָט זיך נאָך קײנער נישט אומגעקערט פֿון יענער װעלט און דערצײלט דעם אמת.

דערפאַר טאַקע האָט מען אים באַלד צוגעקלעפּט דעם נאָמען „שמואל רייך מיטן גאַזאָמעטער", געמאַכט אויף אים אַ חרם, קיינער זאָל ביי אים נישט באַשטעלן קיין מצבה. בקיצור, דער שמואל רייך מיטן גאַזאָמעטער האָט לאַנג נישט אָנגעטריבן. אפשר צוליב זיין האַרץ־קראַנקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין אַרומגעטראָגן שיינע יאָרן, צי סתם אַזוי, אַ שטיקל צייט שפּעטער איז ער פּלוצים געשטאָרבן. פון די בחורים אָבער איז שוין קיין לייט סיי ווי סיי נישט געוואָרן. אינעם בית־המדרש זענען זיי שוין צוריק נישט געגאַנגען. זיי זענען זיך צעפאָרן אין דער וועלט אַריין, און פלעגן נאָר אויף אַ יום־טוב קומען אין שטעטל צו גאַסט, שוין אין אַ קורץ רעקל מיט אַ קאַפּעלוש.

די עטלעכע נגידים פון שטעטל זענען כמעט אַלע געווען וואַלד־סוחרים. ווי שוין דערמאָנט, איז די גאַנצע געגנט אַרום באַשטאַנען פון לויטער וועלדער. זעלטן ווען פון זיי ס'איז שלעכט געגאַנגען אין מסחר. אַלע האָבן זיי געמאַכט גוטע געשעפטן. דאָס האָט זיך געלאָזט מערקן פון די שיינע הייזער, וואָס ס'איז ביי זיי געפירט געוואָרן, פון די גרויסע נדנם, וואָס זיי האָבן געגעבן זייערע קעסט־איידעמלעך. דאָס האָט מען אויך געזען פון דער ברייטהאַרציקייט מיט וועלכער זיי פלעגן מנדב זיין אַ קלאַפּטער האָלץ פאַרן בית־המדרש. קליידן האָבן זיי זיך געקליידט ביי די „באַשטעלטע" בעלי־מלאכות, פון די בעסטע טאָמאַשעווער וואָלענע און זייַדענע שטאָפן. אויף סוכות האָבן זיי געהאַט זייערע אייגענע אתרוגים, וכדומה.

ווען דאָס גאַנצע גוטס איז נישט באַקומען, איז געווען די פאַמיליע בעלזשיצקי, וואָס האָט זיך מיט אַ צייט צוריק באַזעצט אינעם שטעטל, טאַקע צוליב וואַלד־מסחר.

געווען זענען זיי זייער חסידישע און נגידישע מענטשן,

וואָס אויף זיי האָט מען געקאָנט זאָגן, צו גאָט און צו לייט. צוליב זייער איידלקייט און מענטשלעכקייט, אַ זעלטנקייט ביי גבירים, האָט מען זיך צו זיי באַנומען מיט דרך־ארץ. זיי זענען גרייט געווען יעדן צו העלפן מיט אַ טובה, אַ גמילות־חסד. די בעלזשיצקים האָבן געהאַט זייער געראָטענע, שייע קינדער: סימפּאַטישע געלערנטע טעכטער; דער איינציקער זון, לייבל, איז געווען באַשאָנקען מיט אַלע מעלות און חנען: גוט געבויט, הייטערדיק געשטימט, געענדיקט גימנאַזיע, אַן ערשטקלאַסיקער בוכהאַלטער און אַ ביז גאָר פּעאיקער סוחר.

איז דעריבער גאָר קיין וווּנדער נישט, וואָס זיין פאָטער האָט אים אָנפאַרטרויט אַלע זיינע געשעפטן, געצירט זיך אין אים ווי אינעם שענסטן אבן־טוב. איבעריק צו זאָגן, אַז ס׳האָט אים נישט געפעלט קיין זאַך. ער האָט זיך אפילו געהאַט אַן אייגענעם מאָטאָציקל, דער איינציקער אין יענער צייט אין שטעטל. אויף אַזאַ איינעם איז טאַקע ריכטיק די פראַגע פון דער גמרא: מה יעשה הבן שלא יחטא? פאַר וואָס זאָל אַזאַ סגאל בחור, וואָס לעבט אין ווילטאָג, נישט זינדיקן?

מאַכט זיך אַ מעשה און ס׳קומט צו פאָרן פון לאָדזש אַ קריסטלעכע פאַמיליע שניידערקעס און באַזעצט זיך אין שטעטל. אַ מאַמע מיט צוויי טעכטער, איינע שענער פון דער אַנדערער. סיי די נאָך גאָרנישט אַלטע מאַמע, ווי אירע צוויי טעכטער. די יינגערע האַלינאַ האָט גאָר פאַרבלענדט מיט איר שיינקייט. איר גראַציעזע, שלאַנקע פיגור, אירע גאָלד־בלאָנדע האָר, אירע בלויע אויגן האָבן אַלעמען ממש פאַרכאַפּט.

געשטאַמט האָבן זיי פון דער פוילישער שליאַכטע. דאָס הייסט, איר מאַן, דער פאָטער פון די טעכטער, וועלכן

די פרוי האָט פאַרלאָזט צוליב זיין נישט געטרייקייט צו איר. ער האָט זי פאַרראַטן מיט אַנדערע פרויען. דאָס האָט איר שטאַרק ווי געטאָן, האָט זי דעריבער באַשלאָסן, זיך מיט אירע צוויי טעכטער אויסצוהאַלטן פון שניידעריי, וואָס זי האָט נאָך געקענט פון דער יוגנט אָן.

ווען די ווייבער אין שטעטל, יידישע ווי נישט-יידישע, האָבן זיך דערוווּסט די נייעס, אַז ס'איז געקומען אַ שניי־דערין, און דערצו נאָך פון סאַמע לאָדזש, האָבן זיי זי באַלד פאַרוואָרפן מיט אַרבעט.

ס'איז שווער צו זאָגן, ווי אַזוי ס'האָט פּאַסירט. צי דורך לאָזן זיך אויפנייען אַ קליידל דורך איינער פון בעלזשיצקיס טעכטער, צו ווּעמען האַלינאַ איז מיטגעקומען מיט איר מו־טער ביים אָנפּאַסן און אירע שמייכלענדיקע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט לייבלס, צי אפשר גאָר אין דער בירשענק, ווּו לייבל פלעגט אַריינקומען און האָט אָפטמאָל געפונדע־ווּעט ווּעמען פון די באַקאַנטע אַ ליאָדע צי אַ גלעזל ביר, און אפשר גאָר ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. נאָר איינס איז געוואָרן קלאָר, אַז אונדזער לייבל איז געוואָרן מיט האַלינאַ אַ גאַנצער שמעלקע... פון אָנהייב, ווי געוויינלעך, צוליב צייט־פאַרטרייב, שפּעטער אַלץ ערנסטער און ערנסטער. ס'האָט זיך ביי זיי צעפלאַקערט אַ פייערדיקע ליבע מיטן גאַנצן קנאַק.

ווען די מעשה איז דערגאַנגען צו די בעלזשיצקיס, צו לייבלס עלטערן, האָבן זיי צו ערשט געפּרוּווט ווירקן מיט גוטן אויף זייער בן־יחיד, ער זאָל אויפהערן זיך חברן מיטן מיידל. מען האָט אין אים אַריינגערעדט, אַז ס'פּאַסט נישט פאַר מענטשן און נישט פאַר זיי, און פאַר אים אַליין אויך נישט, ער זאָל פאַרברענגען גאָר מיט אַ שיקסע. ס'קאָן נאָך אַמאָל זיין אַ גרויסער חסרון צו אַ שידוך. לייבל האָט

זיך נישט געמאַכט הערן, מכלומרשט צוגעזאָגט זיי צו פאָלגן, אָבער נישט געהאַלטן וואָרט. מ׳האָט, כ׳לעבן, באַדאַרפט זיין גאָר אַ גרויסער גבור, כדי צו קאָנען גובר זיין דעם יצר-הרע.

אויך די מוטער פונעם מיידל האָט באַמערקט דאָס אָפּטע און נישט פּשוטע פאַרברענגען פון לייבלען מיט איר טאָכ-טער. אויך איר איז דאָס נישט געפעלן געוואָרן. וואָס הייסט, גלאַט אַזוי זיך אַרומשלעפּן מיט אַ בחור, דערצו נאָך איר ייִנגערע טאָכטער? האָט זי דעריבער איר טאָכטער געשטעלט אַ תנאי: וועט לעאָן — אַזוי האָט לייבל געהייסן ביי זיי — חתונה האָבן מיט איר — איז גוט, אויב נישט, וועט זי איר נישט לאָזן מער מיט אים זיך טרעפן. איר אַרט אפילו נישט, וואָס ער איז אַ ייִד, פאָרט נישט קיין זשידלאַק. אַ שיינער, אַ זויבערער, אַ געלערנטער בחור איז ער. דערצו רייך אויך! איז וואָס איז דאָ צו בריִען? אויב איר האָט זיך באמת ליב, טאָ האָט זשע חתונה און פּטור, זאָלן מענטשן נישט האָבן וואָס צו ריידן. ס׳וועט איר אפילו נישט אויסמאַכן, זאָגט זי, ווען לייבלס עלטערן, וואָס זי האָט זיי שוין גע-קענט ווי שטרענג רעליגיעזע ייִדן, וועלן פאַרלאַנגען, איר טאָכטער זאָל זיך מגייר זיין און איבערגיין צום ייִדישן גלויבן.

מסתמא האָט דאָס מיידל ביי דער נאָענטסטער געלעגנ-הייט איבערגעגעבן לייבלען איר מוטערס פאַרלאַנגען, צו-געבנדיק, אַז אויך זי אַליין האַלט דאָס פאַר ריכטיק און מענטשלעך.

ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן דאָס בילד ווען אונדזער לייבל איז געקומען צו זיינע עלטערן מיט דעם שידוך. די מוטער איז געפאַלן אין חלשות, מען האָט זי קוים אָפּגע-מינטערט. דער פאָטער, נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן און וואָס פריער אָנצוהייבן, האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך

געגומען פראַסט און פשוט בעטן ביי אים: לייבל קרוין, וואָס טוט זיך מיט דיר? וואָס רעדסטו? האָב גאָט אין הארצן, פאַרקירץ אונדז נישט די יאָרן! דו, אונדזער אויג אין קאָפּ, וואָס קאָנסט טאָן דעם שענסטן, בעסטן און טייערסטן שידוך, זאָל דיר גאָר איינפאַלן אַזאַ זאַך? העד נאָר אַ מעשה, אַ שניידערין גאָר? ווי קומט דאָס אין אונדזער משפחה אַ שנור אַ שניידערין? און דערצו נאָך אַ שיקסע? ווייסט כאָטש, וואָס דאָס הייסט לאָזן נעמען אונדזער איינ־ציקן זון אַ ווייב אַ קריסטין? וואָס? ס׳פעלן שוין אוים אויף דער וועלט יידישע מיידלעך?

מילא, אין וואָס פאַר אַ לאַגע לייבעלע, נעבעך, האָט זיך דעמאָלט געפונען, איז נישט צו ווינטשן דעם ערגסטן שונא. פון איין זייט שטייט אים פאַר די אויגן זיין האַלינקאַ, דאָס ציכטיקע נשמהלע, זיין איינציק גליק; ס׳קלינגען אין זיינע אויערן איר מוטערס פאָדערונגען, וואָס ער ווייסט אַליין, אַז זיי זיינען גערעכטע. אָדער, אָדער. אָבער פון דער צווייטער זייט זעט ער זיין מאַמעשי, זיין האַרציקע טייערע מאַמעשי, אַ פאַרחלשטע. זיין טאַטן זעט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן וויינען און בעטן זיך ביי אים, ער זאָל זיי נישט אָנטאָן די חרפה, ער וועט דאָס נישט אַריבער־טראָגן און גיין פאַר דער צייט פון דער וועלט. לייבל האָט קוים באַוויזן אַרויסצושעפּטשען: אָבער, טאַטעשי, וואָס איז זי שולדיק, אַז זי איז אַ שניידערין? און אפילו אַז אַ קריסטין, איז וואָס? זי וועט ווערן אַ יידישע טאָכטער, זי וועט זיך מגייר זיין.

דאָ איז שוין דער פאָטער, גאָרנישט ווי אין זיין נאַטור, געוואָרן אין כעס און גענומען שרייען ווי נישט מיט זיין קול: ווער מאַכט זי דען שולדיק, ווער? שולדיק ביסט דו, וואָס האָסט זיך צו איר צוגעטשעפּעט! לאָז זי אָפּ, זאָג איך

דיר! זי וועט געפינען אַ חתן און דו ב"ה אַ כלה אַ סך אַ שענערע און אַ בעסערע, און אויך אַ רייכערע. וואָס דאַרף איך, זי זאָל מיר טאָן די טובה און זיך מגייר זיין? איבע־ריקנס איז דאָס נאַר, כדי זיך אַריינצוקריגן צו אונדז, ווייל מיר זענען רייך. שפּעטער אָבער ווען זי וועט דיך שוין האָבן אין אירע נעגל, וועט זי באַווייזן ווער זי איז און וואָס זי קאָן. שוין געהערט אַזעלכע זאַכן. וועסט זען דעם טאַטנס רייד: אַ שיקסע — בלייבט אַ שיקסע.

מיט אָט די רייד האָט לייבלס פאָטער געמיינט, אַז ער האָט שוין זיין זון איבערצייגט, מחמת לייבל איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מער גאָרנישט געענטפערט. איבעריקנס, וואָס האָט ער געקאָנט זיין פאָטער דערויף ענט־פערן? צי האָט ער אים דען געקאָנט זאָגן, אַז אין זיין האַרצן ברענט אַ פייער, וואָס קאָן שוין קיינמאָל נישט פאַרלאָשן ווערן? אַז ער איז גרייט אויף אַלצדינג, אפילו אויפן ערגסטן, אַבי צו זיין צוזאַמען מיט זיין האַלינקאַ? איז שוין גלייכער, האָט ער זיך געטראַכט, צו שווייגן. ביי זיך איז ער שוין געווען גרייט חתונה צו האָבן מיט האַלינקאַ, איי, זי איז אַ שניידערין? טאָ ווער דאַרף עס? צוליב פרנסה? אויף דערויף איז ער דאָך אַ מאַנצפאַרשוין, וואָס קען זיך זיין שטעטל שוין אַליין באַשטיין און וועט זיכער נישט דאַרפן וואַרטן אויף זיין ווייבס פאַרדינסטן. איי, וואָס זי איז אַ קריסטין? וויל זי דאָך איבערגיין צום יידישן גלויבן! וואָס נאָך זאָל זי טאָן? וואָס וויל מען פון זיי ביידן האָבן?

איינמאָל, ווען זיין מוטער האָט זיך דערוווּסט, אַז איר לייבעלע געפינט זיך מיט דער שיקסע אינעם זאַל פון די פייערלעשער אויף אַ באַל, האָט זי זיך מטריח געווען און איז אַוועק אַהין, געוואָלט אויף אים ווירקן, ער זאָל רחמנות האָבן אויף אירע יאָרן, אַהיימגיין און די שיקסע איבער־

לאָזן. לייבל האָט דערזען זיין מוטער ספּאַזמירנדיק, זיך קוים האַלטנדיק אויף די פיס און בעטנדיק ביי אים רחמים, ער זאָל פאַרלאָזן דעם זאַל. און ס׳איז ממש געווען צו שטוינען, ווי דאָס גוטע, איידעלע און טייערע קינד, לייבעלע, האָט דאָס אַלץ נישט גענומען אין אַכט און גאָר באַפוילן צו באַזייטיקן זיין מאַמען פון זאַל.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מער די צוויי פאַר־ליבטע נישט געזען אין שטעטל. זיי האָבן זיך, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, באַזעצט אין סקאַרזשיסק, דאָס פריערדיקע ווינאָרט פון די בעלזשיצקים, און זיך איינגע־אָרדנט דאָרט. לייבל האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ גרויסער פאַבריק און נישט שלעכט פאַרדינט. זיין האַ־לינקאַ איז געוואָרן אוים שניידערין און אויך אוים קריסטין. זי האָט זיך מגייר געווען אויף לייבלס פאַרלאַנג, געוואָרן אַ יידישקע. באַקאַנטע, וואָס זענען געווען ביי זיי צו גאַסט, האָבן דערציילט, אַז פּריוואַטיק צו נאַכטס האָט זי אָנגע־צונדן ליכט און זי האָט משמעות אָפּגעהיט יידישקייט פּינקטלעכער און בעסער ווי אַ געבוירענע יידישע טאָכטער.

ביי די בעלזשיצקים אין שטוב האָט זיך געטאָן חושך. וואָס איז דער וואונדער? געלעבט זיך רואיק און צופרידן אין עשירות און רחבות, געהאַט כבוד פון אַלעמען, אַ וועלט האָט זיי מקנא געווען מיט די געראָטענע קינדער. און דאָ איז פּלוצים געוואָרן אַ תל פון הויז, דערלעבט פון בן־יחיד אַזאַ „נחת״! נישט אַנדערש, נאָר אַן עין־הרע.

ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס טרייסטן, אַז גם זו לטובה, אַז זיי דאַרפן דאַנקען און לויבן זיין ליבן נאָמען דערפאַר; אַז ס׳האָט נאָך, חלילה, געקאָנט זיין ערגער: ער, לייבל הייסט עס, זאָל זיך שמדן, ר״ל, אָדער גאָר זיך ס׳לעבן נעמען

און יונגערהייט פון דער וועלט אַוועקגיין. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן.

די מוטער האָט אויפגעהערט צו עסן, כמעט גאָרנישט געוואָלט נעמען אין מויל אַריין. טאָג און נאַכט האָט זי נאָר געוויינט און געקרעכצט, אַז ס׳האָט אַזש צעשניטן ס׳האַרץ.

דער פאָטער האָט אָפטמאָל איבערגעחזרט די ווערטער פון נביא: בנים גידלתי... אויפגעהאָדעוועט אַ זון, געמאַכט אים פאַר אַ לייט, געזען, ס׳זאָל אים קיינמאָל גאָרנישט פעלן, האָט ער מיר דערפאַר אַזוי אָפּגעצאָלט. וויי, וויי, וואָס איך האָב דערלעבט!

און אין אַ זייט, נישט וועלנדיק מצער זיין די שטוביקע מענטשן, האָט ער מער ווי איין מאָל זיך גוט אויסגעוויינט.

## אַן אַכט־יאָריקער מלמד

ווער ס׳האָט נישט געלערנט ביי מענדל דעם דרדקי מלמד, וועט קיין ריכטיקע עברי נישט קענען, פלעגט מען זאָגן אינעם שטעטל.

מענדל מלמד איז געווען אַ ייד אַ הדרת־פּנים, מיט זייער אַ שיינער צוויי־שפּיציקער לאַנגער גרויער באָרד און מיט בלויע מילדע אויגן. ער האָט אויסגעזען אינגאַנצן ווי משה רבנו, אַזוי ווי מען פלעגט אים זען געמאָלט אויף בילדער מיט די לוחות אין האַנט. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז די שכינה האָט ממש גערוט אויף זיין פּנים. ער האָט געהאַט נאָך אַ מעלה: ער איז נישט געווען קיין קפדן, ווי דער שטייגער איז געווען ביי מלמדים אין יענער צייט. דערפאַר האָבן אים זיינע תלמידימלעך ליב געהאַט. אָפט פלעגט ער געבן וועמען פון זיי אַ ראש־חודש־רעטעכל פונעם אייגענעם גערטנדל, וואָס ער האָט אַליין באַארבעט, וועמען אַ שטיקל איילזאָמען, וועמען אַ צוקערל. אַחוץ דעם איז ער טאַקע געווען אַ גרויסער מומחה אינעם פאַך. ביים איינלערנען דעם קמץ־אלף האָט ער באַנוצט אַן אייגענעם אופן, און ס׳איז אים אַ סך לייכטער אָנגעקומען ווי ביי אַנדערע. פאַר יעדן מין לערנען האָט ער געהאַט אַ באַזונדערן ניגון, און דערמיט אים צוגעגעבן אַזאַ טעם, אַז ס׳איז גיכער און בעסער אַריינגעדרונגען אין די קליינינקע מוחלעך פון די קינדערלעך.

ווען ס׳איז געקומען צו אקדמות, האָט מען געלערנט מיט אַזאַ חשק, אַז די קלאַנגען האָבן פאַרשאַלט דאָס גאַנצע געסל. ווען מען האָט געלערנט די סדרה, ווי די ברידער

פאַרקויפן יוספן קיין מצרים פאַר אַ קנעכט און ווי ער ווערט דאָרט שני־למלך, האָט דאָס אַרויסגערופן ביי אונדז אַזאַ שפּאַנונג און רחמנות, אַז טרערעלעך האָבן זיך באַוויזן אין אונדזערע אויגעלעך. איז דעריבער קיין ווּנדער נישט, אַז דער, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט זיין „שולע", איז געווען אַ גאַנצער קענער.

ווען מענדל מלמד איז געשטאָרבן, איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען איינגעהילט אינעם טיפסטן טרויער, גלייך ווי ס'וואָלט נפטר געוואָרן דער צדיק הדור.

ביי דער לוויה זיינען אַלע זיינע תלמידים, קליין און גרויס, געגאַנגען פאַר דער מיטה מיט סידורימלעך אין האַנט און געזאָגט „יושב בסתר". געקומען זענען אַפילו זיינע שונאים, ווי אַ שטייגער דער קלישטשעווער מלמד מיטן חדר, מיט וועלכן מיר האָבן יעדן ל"ג בעומר מלחמה גע־האַלטן און יעדעס מאָל באַזיגט, אַדאַנק טאַקע דער גוטער „סטראַטעגיע" פון מענדל מלמד, וועלכער האָט געזאָרגט, אַז זיין „אַרמיי" זאָל זיין גוט „באַוואָפנט" בחרבו ובקשתו, דאָס הייסט מיט אַ פיילנבויגן געמאַכט פון אַ שירעם־דראָט, אַ שווערד געשניצט פון אַ דאַך־שינדל, און ער האָט אָפט מיט אונדז געמאַכט „מאַנעוורעס", געוואָלט פאַר יעדן פּרייז געווינען די „שלאַכט". אויך זיי — די „באַזיגטע" — האָבן מיט דרך־ארץ באַגלייט דעם רבין צו זיין איי־ביקער רו און געזאָגט דעם „צדיק לפניו יהלך".

ווען מענדל מלמד איז געשטאָרבן, בין איך אַלט געווען אַכט יאָר. כ'האָב שוין געלערנט ביי גמרא־מלמדים פונעם שטעטל. מיין לעצטער, דער גרעסטער רבי, ר' ישראל שאַיע האָט נאָר געלערנט מיט דערוואַקסענע בחורים, נגידישע קינדער, וועמענס עלטערן האָבן זיך געברוגזט אויפן רבין. ס'איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, הלמאי זייערע בחורים זאָלן

לערנען מיט אַזאַ שנעק. ר׳ ישראל שאַיע האָט זיי, ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, געענטפערט מיטן פּסוק פון פּרק: „אל תסתכל בקנקן, אלא במה שיש בו״ (קוק נישט אויפן קריגל, נאָר וואָס איז אינעווייניק). ביי מיר, האָט ער זיי געזאָגט, איז פאַראַן דער יש בו, בין איך דעריבער ראוי צו לערנען אינאיינעם מיט אָט די חתן־בחורים. דערביי האָט ער זיי אויך איבערגעגעבן וועגן מיר און וועגן מיין חבר איטשע שלמהס, אַז ווי נאָר מיר לערנען צום ערשטן מאָל אַ שיעור, זענען מיר אים באַלד תופס, און אויף צו מאָרגנס לערנען מיר עס שוין אין דערבייאיקן צימער אויף אויסנווייניק.

ער האָט נאָר נישט געוווּסט, אַז חזרנדיק דאָרט דעם שיעור, האָבן מיר אין איינוועגס גאַנץ געשמאַק געקנאַלט אַן אָקעלע.

ווען דער רבי האָט מיר אַמאָל נאָכן לערנען געזאָגט, אַז ער וויל זען מיין פאָטער, בין איך מסתמא געוואָרן בלייך ווי קאַלך. ווער ווייסט — האָב איך געטראַכט — צי דער רבי האָט זיך נישט עפּעס דערוווּסט וועגן אונדזערע מעשים טובים, וואָס מיר טוען דאָרט אינעם צווייטן צימער, און צוליב דעם הייסט ער דאָס רופן מיין פאָטער. וואָס טוט מען? נישט פאָלגן דעם רבין, איז דאָך נאָך ערגער. האָב איך בלית ברירה עס געזאָגט מיין פאָטער אַזוי, אַביסל אונטער דער נאָז, און געבעטן אין האַרצן, ער זאָל דאָס נישט דער־הערן.

מילא, וואָס איך האָב איבערגעלעבט ביז מיין פאָטער איז צוריקגעקומען, איז איבעריק צו זאָגן. נאָר אַז מיין פאָ־טער איז צוריקגעקומען און כ׳האָב באַמערקט אַ שמייכל אויף זיין פּנים, איז מיר לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה. ער האָט דערציילט דער מאַמען, אַז ווערליק ר׳ ישראל שאַיע,

קאָן איך זיך שוין מיין שטעטל אַליין באַשטיין. דאָס הייסט, אַז לויט אים דאַרף איך שוין גיין לערנען אינעם בית־המדרש אַליין.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, בין איך געוואָרן באַ־הערשט פון אַ טאָפּלטער פרייד: ערשטנס, וואָס כ׳האָב זיך אומזיסט געשראָקן און צווייטנס, וואָס כ׳וועל ווערן אַ פרייער מענטש. כ׳וועל קאָנען לערנען ווען איך וויל, וואָס איך וויל, און ווי איך וויל. איינמאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן פון „מורא רבך״. כ׳האָב צוגעזאָגט מיינע עלטערן, אַז כ׳וועל זיי נישט אָפּנאַרן, נאָר לערנען מיט חשק.

ווען די בחורים אין בית־המדרש האָבן דערזען דעם „פאַרשוין״, וואָס וויל ווערן זייער קאָלעגע, האָבן זיי גע־קייכט פאַר געלעכטער: גרויס בין איך געווען ווי אַ גענעץ. אַז כ׳האָב געוואָלט אַרויסנעמען אַ גמרא אָדער אַ ספר פון די אַלמערס, האָב איך זיך געמוזט אַרויפשטעלן אויף דער באַנק, פון דער באַנק אויפן טיש — און דאָס האָט זיי שטאַרק געקיצלט. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען שיינע עטלעכע טעג. ערשט ווען זיי האָבן מיך געזען קנעלן איבער דער גמרא גאָרנישט אויף קאַטאָוועס, האָט איינער פון די יונגעלייט־לעך, אפשר פאַר לאַנגווייליקייט, צי גאָר כדי צו זען אויב איך ווייס טאַקע וואָס איך לערן, מיך צוגערופן צו זיך און פאַרגעלייגט מיר זאָלן לערנען צוזאַמען. איך בין שטאַרק נתפּעל געוואָרן, וואָס גראָד ר׳ יעקב קוטנערס איידעם האָט עם מיר פאָרגעלייגט.

ר׳ יעקב קוטנער איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער ייד אין שטעטל. אויף אים האָט מען געקאָנט זאָגן: תורה וגדולה במקום אחד, צו גאָט און צו לייט. אַ רייכער שניט־סוחר, אַ נגידישער מענטש, ממש די איידלקייט אַליין. דערצו אַ גרויסער למדן. האָב איך זיך דעריבער געמעגט גרויסן דער־

מיט, וואָס פאַר זיין איידעם האָט געפּאַסט מיט מיר צו לערנען.

דער יונגערמאַן איז, ווייזט אויס, אויסן געווען טאַקע צו זען, אויב איך ווייס באמת וואָס איך לערן. ער האָט זיך גענומען מיט מיר אַזוי פּשטלען און מיר שטעלן אַזעלכע קשיות, אַז כ׳האָב געמיינט, כ׳געפין זיך ביי אַ ריכטער אויף אַ קרייז־פאַרהער. ער האָט געגלעט דערביי זיין קליין בלאָנד בערדל און זיין בלייך איידל פּנים האָט זיך אָפּט צעשמייכלט. זעענדיק, ווי כ׳בלייב אים נישט שולדיק קיין תירוץ, האָט ער מיך אויף צומאָרגנס ווידער פאַרבעטן צו לערנען צו־זאַמען.

אַז די בחורים און קעסט־איידעמלעך, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געוויילט אויף מיין חשבון, האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי אויסגעגלאָצט די אויגן. סטייטש ? יעקב קוט־נערס איידעם פאַרבעט מיך גאָר צום לערנען ? נישט צו פאַרשטיין. ווייסנדיק אָבער, אַז „פון זיין שחיטה מעג מען עסן", האָבן זיי אויך געפּרוּווט דאָס נאָכצוטאָן, ס׳איז שוין געווען ביי זיי פּשוט ווי אַ פאַרמעסט, ווער פון זיי וועט מיך האָבן צום לערנען.

איז דערגאַנגען אַ קלאַנג צום רב, אַז ס׳איז פאַראַן אין בית המדרש אַ יינגל אַ מתמיד, אַ פייערדיקער קאָפּ, וואָס כאָטש ער דערגרייכט קוים צום טיש, קאָן ער זיך פאַר־מעסטן מיט די, וואָס קוועטשן די גמרא איבערן טיש. מיט איין וואָרט : ס׳וואַקסט אַן עילוי.

ווען דער רב האָט זיך איבערצייגט, אַז ס׳איז אַזוי, איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה : היות זיין איניקל, הלל, וועט, ווי דער שטייגער איז ביי רבנים, אויך אַמאָל דאַרפן ווערן אַ רב, און ער האָט אָבער, לא עליכם, זייער אַ שווערן קאָפּ צום לערנען, לכן בעט ער מיך, איך זאָל מיט אים

לערנען צוזאַמען, וועט ער אפשר אַזוי אַרום גיכער תופס זיין וואָס ער לערנט. ער האָט אויך באַמערקט, אַז איך רייַ־כער שוין אַ פּאַפּיראָסל, האָט ער מיר תיכף געגעבן אַ „קאַנטע”, אַ ביסל טערקישן טיטון, וואָס ער פלעגט זיך ברענגען פון די וואַרעמע בעדער אין אויסלאַנד, וווהין ער איז יעדן זומער געפאָרן.

דעם טיטון האָט דער רב גענוצט צום טיילן כיבוד און נאָר יום־טוב פאַר זיין לאַנגער ליולקע, וואָס האָט גע־גרייכט ביז צו דער ערד. איך האָב, וואָס אַן אמת, שוין גאָר וואַזשנע פאַרצויגן אַ סיגאַרעטל (אויב כ׳האָב נאָר גע־האַט), מ׳האָט טאַקע אויף מיר געטייטלט מיט די פינגער, און עטלעכע האָבן אפילו מיט באַדויערן צוגעברומט, אַז ס׳וואַקסט אַ גנב. מאָדנע: ביי אַ טייל האָט עס געהייסן, אַז ס׳וואַקסט אַן עילוי, און ביי אַנדערע, אַז ס׳וואַקסט אַ גנב...ביידע זאַכן זענען ב״ה נישט מקוים געוואָרן.

דאָס ביסל טיטון, וואָס כ׳האָב באַקומען פונעם רב, האָט מיך שטאַרק דערפרייט. קודם־כל דערמיט וואָס כ׳האָב דערזען דעם ערשטן שכר פאַר מיין לערנען. ס׳איז מיר גאַנץ גוט צונויץ געקומען אויך. ס׳לערנט זיך גאָר אַנדערש, ווען דו ווייסט און פילסט, אַז אין וועסטל־קעשענע ליגט עפּעס צום רייכערן, און דערצו נאָך טערקישער טיטון, אַ מתנה פון רב. כ׳האָב זיך טאַקע מיט ברען גענומען צום לערנען מיט זיין אייניקל הלל. דאָס איז מיר, אגב, גאָרנישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. כאָטש ער איז געווען עלטער פון מיר, איז אָבער דער קאָפּ זיינער געווען אַזוי טעמפּ, אַז ער האָט גאָרנישט געקאָנט פאַרנעמען. כ׳בין פשוט אָפּטמאָל געווען אויף אים אין כעס און נישט געקאָנט משיג זיין, ווי אַזוי ער, אַ רבס אַן אייניקל, וואָס זיין טאַטע איז אויך אַ רב, צוויי ברידער זיינע, מלך און יעקב, האָבן אויך שוין היתר

הוראה — זאָל נישט קאָנען באַנעמען דעם פּשט פון דער גמרא. כ׳האָב זיך נישט איין מאָל געטראַכט, אַז דאָס ביסל טיטון האָב איך מיר כשר פאַרדינט.

ס׳איז געווען אַ זומערדיקער פרימאָרגן. דיביימער פון די אַרומיקע צעבליטע גערטנער האָבן פאַרשמעקט מיט זייער ריח, וואָס איז אַריינגעדרונגען דורך די אָפענע פענצטער אין בית־המדרש אַריין, ווו ס׳איז שוין דווקא נישט געווען אַזוי שמעקנדיק... ס׳האָט אַ ביסל דערפרישט די לופט, און דערמיט צוגעגעבן חשק צום לערנען. אין אָט דעם פרימאָרגן האָט זיך באַוויזן אין בית־המדרש אַ ייד, אַן אַרענדאַר פון אַ דערבייאיקן דאָרף, ווו ער איז געווען דער איינציקער יידישער איינוווינער, געהאַט דאָרט אַ שפּייז־געוועלבל, אַ שטיקל קרעטשמע. אַחוץ דעם האָט ער אויך פאַרמאָגט דריי דערוואַקסענע בנים, וועלכע האָבן, נעבעך, נישט גע־קאָנט קיין צורת אלף, געוואַקסן ריינע גויים. האָט ער געהאַפּט דאָ אין בית־המדרש, ווו ס׳שווינבלט און גריבלט מיט תורה, צו געפינען עפּעס אַ בחור אַ שטיקל מלמד פאַר זיי. געזוכט און גענישטערט ביי די טישן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביים טיש, ווו כ׳בין געזעסן און „געאַקערט" מיטן רבם איידיקל, הלל. אפּנים, אַז כ׳בין אים שטאַרק גע־פעלן געוואָרן. מיר האָבן גראָד געלערנט מיט אַזאַ התמדה, אַז מיר האָבן געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך צוגעהערט און געקוקט, ווי מיר לערנען און פאַר קנאה אונדז אויפגעגעסן ממש מיט די אויגן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ווער איך בין און דעם זעלביקן טאָג נאָך, זיך געוואָנדן צו מיינע עלטערן, זיי זאָלן באַוויליקן מיך צו שיקן צו אים אויפן דאָרף ווי אַ מלמד פאַר זיינע קינדער. ער איז גרייט צו געבן יעדן חודש דערפאַר כך וכך מיינע עלטערן, אַבי זיינע זין זאָלן אויך קאָנען לערנען די הייליקע תורה... דערצו וועל איך אַרומגיין ביי אים אין מילך און

האַניק, ס'וועט מיר גאַרנישט פעלן. מיינע עלטערן איז דער עסק שטאַרק געפעלן געוואָרן און זיי האָבן זיך צו אים צוגעכאַפּט מיט ביידע הענט.

ס'איז געווען מלחמה-צייט פון פערצן-אַכצן. אין שטוב איז מיט פרנסה געווען נישט שטאַרק פויגלדיק. מיין פאָטער האָט נישט געוווּסט מיט וואָס מפרנס צו זיין דאָס הויז־געזינד, וואָס איז באַשטאַנען פון זיבן נפשות: טאַטע-מאַמע, איך מיט נאָך דריי ברידער און אַ שוועסטער. זיין פרנסה איז דעמאָלט באַשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט אַביסל נאָדלען, אַביסל פאָדעם און דערמיט אַרומ־געקראָכן איבער די דערפער צו באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פויערים. דערפאַר האָט ער איינגעהאַנדלט ביי איינעם אַ שטיקל פוטער, ביי אַ צווייטן אַביסל קאַרטאָפל, אַ ברויט, אָדער אַביסל גרויפּן, אַמאָל בעבלעך. כ'געדענק ווי איצט, ווי מיר האָבן אַלע מאָל געוואַרט אויפן טאַטן ווי אויף משיחן, ער זאָל שוין וואָס גיכער קומען און אונדז באַ־פרייען פון הונגער. ווען ער איז געקומען מיט אַ לעבל ברויט, האָבן מיר זיך דערויף געוואָרפן ווי די היישעריקן און דער טאַטע האָט פאַר זיך געלאָזט קוים אַ כזית. אָרע־מער טאַטע, נעבעך! וויפל צער האָט גענאָגט דיין געוויי־טיקט האַרץ, צוזעענדיק ווי דיינע קינדער חלשן ממש נאָך עסן און דו האָסט זיי נישט וואָס צו געבן. און ווי גרויס איז געווען דיין פרייד, ווען מיר האָבן זיך געקוויקט מיט אַ לייטישן מאָלצייט. און צו דעם אַלעם ביסטו פאַר זייטיקע מענטשן תמיד געווען לוסטיק, פריילעך, כדי קיינער זאָל נישט וויסן וועגן אונדזער שלעכטער לאַגע.

כ'דערמאָן זיך יענעם פרייטיק צו נאַכטס, ווען ביי לייטן האָט מען געפּראַוועט די שבת-סעודה מיטן גאַנצן קנאַק און מיר זענען געזעסן ביי די קליינע שבת-ליכטלעך ביים טיש,

אויף וועלכן ס׳האָט זיך געפונען אַ טרוקן שטיקל ברויט מיט שוואַרצער ציקאָריע. כ׳געדענק, ווי מיר האָבן מורא געהאַט, אונדזערע חברים זאָלן נישט קומען צו אונדז, ווי דער שטייגער איז געווען, און זען אונדזער שבת-טיש. האָסטו דעריבער געהייסן פאַרשליסן פאַר זיי די טיר ביז מיר וועלן ענדיקן דעם „מאָלצייט", כדי נישט צו ווערן פאַרשעמט. און טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָט דאָס טעפּל „קאַווע" ביים אַראָפּנעמען עס פון קיך זיך איבערגעדרייט און אויסגעגאָסן, דאָס ביסל בידנע „קאַווע" האָבן מיר אויך נישט געטרונקען, און אַ צווייטס האָט מען דאָך נישט געקאָנט אויפקאָכן, ס׳איז דאָך געווען שבת. מיין טייערע מאַמע האָט געזען דערין גאָטס שטראָף און זיך דערביי יאָמערלעך צעוויינט, און מיר אַלע האָבן מיטגעוויינט.

דעריבער זענען מיינע עלטערן טאַקע געווען איבערגליקלעך פונעם אַרענדאַרס פאָרשלאַג, ווייסנדיק, אַז מיר וועט כאָטש קיין עסן נישט פעלן און זיי וועלן נאָך יעדן חודש באַקומען אַביסל געלט פאַר שכר-לימוד.

ווען איך האָב דערהערט דעם פּלאַן, בין איך פון אָנהייב געווען מלא שמחה. עפּעס אַ קלייניקייט, אני הקטן, קוים אַכט יאָר אַלט, וועל גאָר ווערן אַ רבי, לערנען מיט תלמי-דים באַלד טאָפּלט עלטער פון מיר. ס׳האָט מיך אויך גע-לאָקט דאָס אַרויספאָרן אין דער „וועלט" אַריין, זיצן ווי אַ פּריץ אויף אַ בריטשקע מיט אַ פּאָר קנאַקעדיקע סוסים. איך האָב ביז דעמאָלט קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלעגנ-הייט אַרויסצופאָרן פונעם שטעטל, און דאָ מיט אַמאָל אַזאַ גליק. מען האָט דעריבער לאַנג נישט געטראַכט, מיר פאַר-פּאַקט אַ קלומיקל מיט אַ פּאָר זאַכעלעך און — היידא! מיר פאָרן.

ס׳האָבן מיך אָבער פאַרפאָלגט מיין מאַמעס טרערן, וואָס

כ׳האָב באַמערקט אויף די ווײַעס פון אירע אויגן ביים געזע־
געגען זיך מיט מיר. און ווי נאָר מיר זענען אַרויסגעפאָרן
פון שטעטל, איז מיך באַפאַלן אַ בענקשאַפט נישט אויס־
צוהאַלטן. ס׳האָט זיך מיר אַזש געוואָלט אויסשרייען צום
אַרענדאַר: ר׳ ייד! דרייט אוים דעם דישל און פאָרט צוריק!
כ׳האָב זיך אָבער דערמאָנט אין מיינע עלטערן, וואָס האָבן
דערין געזען אַזאַ גליק און הילף פאַר מיר, ס׳האָט מיך
באַהערשט אַ געוואַלדיקער רחמנות אויף זיי. כ׳האָב זיך
אויך געשעמט פאַר מיינע חברים, וועלכע האָבן מיך אַזוי
שטאַרק מקנא געווען און פאַר זיך אַליין אויך. פאָרט גע־
וואָלט ווייזן, אַז כ׳בין אַ „מענטש". האָב איך זיך אָנגע־
נומען מיט כוח נישט אויסצוברעכן אין אַ געוויין און זיך
באַמיט צו פאַרטרייבן פון זיך די בענקשאַפט.

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. אַלץ אַרום
איז געווען אַזוי שטיל. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דאָס
סווישטשען פון די פייגעלעך. דער ריח פון די סאָסנע־ביימער
און פון פריש־געשניטענעם גראָז אויף די פעלדער איז
אַריינגעדרונגען אין אַלע איברים, ממש פאַרשיכורט. בין
איך אַזוי איינגעשלאָפן מיט מיינע קינדערשע געדאַנקען.

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך שוין געווען אויפן
אָרט. כ׳האָב נישט באַוויזן זיך אומצוקוקן ווי איך געפין
זיך, אָפּגעגעסן גלייך אָוונטברויט. האַלב שלאָפנדיק, האַלב
וואַכעדיק בין איך אַריין אין צימער, וואָס מען האָט מיר
אָנגעוויזן, זיך געלייגט שלאָפן און פטור.

וויפל דימיונות און חלומות ס׳זענען מיר אין יענער נאַכט
אַדורך אין מיין קינדיש מוחל — ווייסט איין גאָט.

אויף צומאָרגנס, שוין אַן אויסגעשלאָפענער, און אַ גע־
דאַונטער (כ׳בין, דאַכט זיך, געווען דער איינציקער אינעם
דאָרף, וואָס האָט געקענט דאַווענען) — האָט מען מיך אוועק־

געזעצט ביים טיש צוזאַמען מיטן גאַנצן געזינדל עסן פֿריש־טיק, כדת וכדין, דערלאַנגט מיט דער פֿולער האַנט אַזוי ווי אַן אָרענדאַר קאָן: קעז, צוואָרעך, סמעטענע, אייער, מילך, פּוטער, ברויט מיט מאָן און קאָפּער. אַלץ האָט מיר זייער גוט געשמעקט. נאָר אַז איך האָב באַטראַכט מיינע תּלמידים, דריי יונגען ווי די בערן, גרויס ווי די הײַדאַמאַקעס, וואָס האָבן כּסדר אָנגעשפּיצט זייערע אויגן אויף מיר, איז מיך באַפֿאַלן אַן אימה. איך זאָל דאָס זיין זייער רבי? ס'האָט מיר פֿאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט צום עסן און כ'האָב גאָרנישט גע־קאָנט נעמען אין מויל אַריין. קיינער פֿון די מיטעסער האָט נישט געוווּסט פֿאַרוואָס.

כ'האָב זיך אָנגעטאָן דעם גרעסטן כּוח גובר צו זיין די שרעק און זיך גענומען צו דער מלאכה, דאָס הייסט צו לערנען מיט מיינע בחורים. איך האָב אָנגעהויבן פֿון אלף־בית, וואָס איז פֿאַר זיי געווען שווערער פֿון האָלץ־האַקן.

מילא, קיין גרויסע למדנים וואָלטן זיי פֿון מיר שוין סיי ווי סיי נישט אַרויס. כ'וואָלט שוין אויף דעם אויך באַשטאַנען. ס'וואָלט שוין אַלץ ווי ס'איז מיטגעגאַנגען ווען נישט דאָס בענקען. די בענקשאַפֿט אַהיים האָט מיך נישט געלאָזט רוען. אַלע ווײַלע זענען מיר געקומען פֿאַר די אויגן מיינע טייערע עלטערן, מיינע ברידער און שוועסטער, צו וועלכע ס'האָט מיך געצויגן כאָטש אַ וואָרט פֿון זיי צו הערן, אַ ווײַלע זיך צוטוליען צו זיי. ס'האָט מיך אויך געצויגן צו מיינע חברים. כ'האָב אפֿילו געבענקט נאָך מיין תּלמיד מיטן טעמפּן קאָפּ, דעם רבס אייניקל, הלל. דערצו נאָך האָט דער יצר־הרע נישט אויפֿגעהערט אין מיר צו בורטשען: נאַר איינער, שוטה וואָס דו ביסט! צו וואָס האָסטו עס באַדאַרפֿט? וואָס האָסטו דאָ מ'שטיינסגעזאָגט? דרייסט זיך אַרום פּוסט און פּאַס, האָסט צומאָל נישט מיט וועמען אַ וואָרט אויס־

צורעדן. ס׳פּאַסט דאָך נישט פאַר דיר ווי אַ רבי צו שטיפן מיט די דאָרפשיקסלעך, ווי דאָס טוען דיינע תלמידים. באשר דו האָסט דאָ בעסער צו עסן? ביסט אינדערהיים אויך נישט געשטאָרבן פון הונגער.

אין אַ זונטיק גאַנץ פרי, ווען אַלע זענען נאָך געשמאַק געשלאָפן, האָב איך אויף גיך צוזאַמענגענומען מיינע בידנע זאַכעלעך, פאַרפּאַקט אינעם קלומיקל און אַרויסגעשאַרט זיך פון הויז, קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן, און אָן „אַ גוטן טאָג״ בין איך אַנטלאָפן אַהיים.

ס׳איז גרינג צו זאָגן אַהיים. ווי ווייס איך דעם וועג? פרעגן האָב איך מורא געהאַט, מען זאָל מיך נישט צוריק־ברענגען צום אַרענדאַר מיט די בנים. מחמת דורך דעם שטיקל צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען, האָבן מיך כמעט אַלע פון דאָרף שוין געקאָנט ווי דעם „נאַוטשיטשעל או שלאַמקאַ״ (לערער ביי שלאָמקען). אַלע זענען זיי דאָך גע־קומען צום אַרענדאַר אין קלייטל עפּעס וואָס איינקויפן: ווער אַביסל נאַפט, ווער זאַלץ, און ווער צוקער אָדער זייף און זיי האָבן מיך דאָרט אַלע מאָל געזען. ווידער זיך לאָזן סתם אַזוי, איינער אַליין אין וואַלד אריין (דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען אַרומגערינגלט מיט לויטער וואַלד) — איז מיך באַפאַלן אַ פחד, כ׳זאָל נישט פאַרבלאָנדזשען. וואָס זשע טוט מען פאָרט? אפשר צוריקגיין צום אַרענדאַר און אים זאָגן דעם גאַנצן אמת אַזוי און אַזוי, אַז כ׳האָב, חלילה, צו אים מיט זיינע בנים גאָרנישט, כ׳וואָלט דאָ געבליבן, נאָר די בענקשאַפט אַהיים צערייסט מיין הארץ? אָבער ניין! דאָס נישט! אַלץ יאָ, נאָר נישט צוריק צום אַרענדאַר.

ווי איך שטיי אַזוי פאַרצווייפלט און פאַרזונקען אין מיינע קינדערשע מחשבות, איז פּלוצים ווי אַ מלאך פון

הימל מיר אָקעגנגעקומען אַן אַלטער פויער, וועלכן כ׳האָב צום ערשטן מאָל געזען. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אים מעג איך זיך אָנפּארטרויען און אים באַלד אַ פרעג געטאָן: „גדזשע דראָגאַ דאָ שטשערצאָווא?״ (ווו איז דער וועג נאָך סטערצעוו?) ער האָט מיך פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט, וואָס טוט דאָ אַזוי פרי דער קליינער יאַטל? אָבער פאָרט מיר אָנגעוויזן דעם וועג צום שאָסיי, וואָס פירט אין מיין שטעטל.

פון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען צו מיר כוח צו גיין צו פוס אַ וואָסערע דרייצן קילאָמעטער אין אַ הייסן זומערטאָג אָן עסן און אָן טרינקען — איז מיר נאָך עד היום שווער צו פאַרשטיין. נישט אַנדערש, נאָר דער געדאַנק, אַז כ׳גיי צוריק אַהיים, האָט מיך געטראָגן ווי אויף די פליגלען פון ווינט.

אַריינקומענדיק אין שטוב, בין איך מיט מיינע לעצטע פאַרבליבענע כוחות אַרויפגעפאַלן אויף דער מאַמעס שוים און האָב זיך שטאַרק צעוויינט.

קיינער אין שטוב האָט מיך נישט אַזוי פאַרשטאַנען ווי מיין האַרציקע, טייערע מאַמע.

## איך ווער אַ קאָנקורענט פון שערעשעווסקין

דאָס האָט געמוזט זיין אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט, ווען א סך שטעט און שטעטלעך (מיינס בתוכם) זענען געבליבן פאַרוויסט פון די חורבות, וואָס די מלחמה האָט אָנגעמאַכט, געווען פאַרזונקען אין פאַרשיי־דענע קראַנקייטן, עפּידעמיעס און כל המינים צרות, וואָס אַ קריג לאָזט איבער.

אין אונדזער שטעטל, למשל, האָט געפאַנעוועט דער טיפוס אין זייער אַ שווערער פאָרעם. דער גרעסטער טייל יידן זענען אויסגעשטראָכן פון דער געפערלעכער מגיפה. פאַרוואָס דער טיפוס האָט זיך אָנגעזעצט ספּעציעל אויף יידן, הייב איך נישט אָן צו וויסן. ס'איז כמעט נישט געווען קיין איין יידישע שטוב, וואָס זאָל נישט האָבן אַ קראַנקן. און בסך־הכל האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט איין שטיקל רופא. איז ער, נאַטירלעך, געווען אַזוי באַלאָדן מיט וויזיטן, אַז ער האָט פּשוט נישט געוווסט, וווהין פריער צו גיין. די מגיפה האָט אויך אונדזער שטוב נישט אויסגעמיטן. צו ערשט איז קראַנק געוואָרן מיין פאָטער, דערנאָך איך.

ס'איז געווען סוכות־צייט. איך געדענק, אַז די לעצטע טעג סוכות האָט שוין מיין פאָטער נישט געגעסן אין דער סוכה, ער האָט שוין געהאַט שטאַרקן פיבער, אפנים זיך אָנגעשטעקט ביים מבקר־חולה זיין און באַדינען אונדזער הויזווירטס זון כיל נחמנס, וואָס איז טאַקע אין יענע טעג געשטאָרבן פון אָט דער קרענק — דער ערשטער קרבן אין שטעטל.

כיל נחמנס איז געווען זייער אַ געראַטענער, שיינער און איידעלער מענטש. אַלע האָבן אים ליב געהאַט צוליב זיין גוט הארץ. ער האָט געגעבן אַ נדבה מיט אַ ברייטער, לייכ־טער האַנט, נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין עוולה פון איין ייד לגבי אַן אַנדערן, און געווירקט אַלע מאָל אויף זיין פאָטער נחמן, ער זאָל שענקען אַ פּאָר קלאַפּטער האָלץ פאַרן בית־המדרש אויף ווינטער. כדי די בחורים זאָלן האָבן וואַ־רעם ביים לערנען, און די באַלעבאַטים ביים דאַווענען. זיין פאָטער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע צוויי־שטאָקיקע קאַמיע־ניצע, מיט אָפּיצינעס, אַ בירשענק, פעלדער, עטלעכע קי, עופות. מיט איין וואָרט: געהאַט צוליב וואָס צו לעבן און דאָ פלוצים — אַזאַ אומגליק!

דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אויפגעטרייסלט.

קורץ נאָך מיין פאָטערס קראַנק ווערן האָב איך אויך אָנגעהויבן צו קרעכצן און באַלד בין איך שוין געלעגן אין בעט אַ קראַנקער.

ס'איז זיך שווער פאַרצושטעלן, ווי אַזוי מיין טייערע מאַמע האָט אין יענע טעג אַריבערגעטראָגן די פּיין און דאָס מאַטערניש. זי האָט געמוזט אומגיין מיט צוויי שווער קראַנקע גאַנצע טעג און נעכט, זיין א מוטער צו די קינדער און נאָך אין זינען האָבן דאגת פּרנסה. סאַראַ ניסים ס'זענען איר בייגעשטאַנען זיך נישט אָנצושטעקן פון אונדז, איז שווער צו באַגרייפן. דעם דאָקטאָר האָט בעסער געלוינט צו קומען צו אונדז, ווייל ער האָט דאָ געהאַט צוויי קראַנקע צו באַ־האַנדלען. מיין פאָטער איז באַלד אַרויס בשלום פון דער קראַנקייט. דאַקעגן מיט מיר איז געווען ערגער. מיך האָט די מחלה געהאַלטן מיט אירע אַלע גרויזאַמקייטן, און יעדעס מאָל האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט עפּעס אַ נייע צרה. ס'האָט געהאַלטן מיט מיר זייער שלעכט. דער דאָקטאָר האָט מיך

אויפגעגעבן, אפילו אָפּגעזאָגט צו קומען. מען האָט פּאַר מיר איינגעלייגט װעלטן. דאָס גערער שטיבל, װאָס איז געװען בשכינות מיט אונדז, האָט באַשטימט אויף יעדער נאַכט צװײ חסידים, זײ זאָלן װאַכן איבער מיר. מען האָט געשיקט צװײ שליחים, ר׳ הערשל שוחט און כתריאל װײנטער, צום גערער רבין, ספּעציעל מיך מזכיר זײן און בעטן פּאַר מײן לעבן. מײן געװעזענער רבי, ר׳ ישראל שאַיע, װאָס מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז אַ גרויסער און גוטער מבקר, האָט נישט פאַרפעלט מיך צו באַזוכן אַ פּאָר מאָל אין טאָג, מיר געװאָלט מיט עפּעס העלפן. מײן צושטאַנד האָט זיך אָבער אַלץ מער פאַרערגערט, ס׳האָט שוין געהאַלטן אָט, אָט... האָט ר׳ ישראל שאַיע, װאָס איז געװען אַ כהן, שוין מורא געהאַט מיך צו באַזוכן, געשטעלט זיך הינטערן פענצ־טער, געװאָלט הערן װאָס איך מאַך. די חברה־קדישא האָט זיך שוין גענומען צונויפקלײבן. און דאָ איז געשען דער נס.

װי נאָר מײן פאָטער האָט דערזען די חברה־קדישא, האָט ער זײ פּשוט אַרויסגעװאָרפן פון שטוב. אין עטלעכע מינוט שפּעטער, װען דער קריזיס פון דער קראַנקײט האָט שוין מסתמא דערגרייכט דעם העכסטן סטאַדיום און זיך איבער־געבראָכן צום גוטן, האָב איך אָנגעהויבן עפּעס צו שעפּ־טשען מיט די ליפּן (איך האָב שוין די לעצטע טעג אויפ־געהערט צו רעדן) און געװיזן, מען זאָל מיר געבן װאָס צו עסן. מען האָט צו מיר געבראַכט דעם דאָקטאָר מיט כוח. ער האָט טאַקע פעסטגעשטעלט דעם נס. מחמת לויט דער מעדיצין האָב איך שוין לאַנג געדאַרפט זײן טויט. ער האָט געהייסן מיר געבן ביסלעכװײז אַ פּאָר טראָפּנס מילך.

פון דעם קרענקען בין איך געװאָרן אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז ס׳האָט געדויערט חדשים־לאַנג, ביז כ׳האָב געקענט שטײן אויף די פּיס. ס׳איז פון מיר געבליבן לויטער הויט און בײ־

נער. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף מיר געבן גוטע פלעגע, וועל איך אפשר גיכער קומען צו די כוחות. אָבער פון וואַנען זאָל מען נעמען אויף גוטע פלעגע? אַז אַלץ וואָס מיר האָבן, מ׳שטיינסגעזאָגט, פאַרמאָגט, האָבן מיר פאַרקרענקט? וועל איך אייביק דאַנקבאַר זיין חיה גוליעס טאָכטער רחל, וואָס האָט מיר איינגעשאַפּט ביי מענטשן אַביסל ווישניאַק, אַביסל איינגעמאַכטס, אַ גוט ביסעלע יונג-געקאָכטע מערעלעך, און אַלע מאָל מיטגעבראַכט עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין. ווי קאָן איך פאַרגעסן אַזאַ צדיקת, ווי ס׳איז געווען רחל-לאה מאָטל בעקערס? אויך זי האָט מיר געברענגט יעדן טאָג פון שענסטן און בעסטן, כדי מיר צו דערכאַפּן דאָס האַרץ.

ליגנדיק לאַנגע וואָכן אין בעט, נישט קאָנענדיק זיך באַוועגן, האָט מיר אָנגעהויבן ווערן זייער לאַנגווייליק. מיין פאָטער האָט עס פאַרשטאַנען, איז אים איינגעפאַלן, אַזוי ווי איך וועל אי״ה ווערן באַלד בר-מצווה, וועל איך דאָך דאַרפן קענען אַ פשטל, אַ דרשה, אויף מיין בר-מצווה-סעודה. איז כדי איך זאָל האָבן אַ צייט-פאַרטרייב, האָט ער גענומען מיט מיר איינלערנען אַזאַ פשטל. ס׳האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט. שוין בלויז דער געדאַנק, אַז מ׳וועט פאַר מיר פראַווען אַ בר-מצווה און איך וועל זאָגן אַ דרשה, האָט מיר געגעבן האָפענונג און געהאָלפן מיר געזונט צו ווערן.

כ׳געדענק ווי היינט, אַז ווען כ׳בין דעם ערשטן טאָג אַראָפּ פון בעט, איז די שמחה אין שטוב געווען נישט צו באַשרייבן. נאָך גרעסער איז געווען די פרייד, ווען כ׳בין שוין געווען אינגאַנצן ביי די כוחות און בין צוריק געגאַנגען לערנען אין בית המדרש. דאָס פשטל האָב איך געקענט אויף אויסנווייניק ווי אַ וואַסער.

אין שטוב האָט אָבער געפייפט דער דלות אין אַלע

ווינקעלעך. ס'איז ממש נישט געווען מיט וואָס דעם טאָג אי־
בערצולעבן. טאָ ווי אַזוי, האָב איך געטראַכט, וועלן מיינע על־
טערן אימשטאַנד זיין מיר גאָר צו פּראַווען אַ בר־מצווה סעו־
דה? אַחוץ דעם האָב איך שטאַרק געוואָלט מיט עפּעס וואָס
העלפן מיינע האַרציקע עלטערן אין זייער נויט. איז מיר איינ־
געפאַלן, כ'זאָל זיך נעמען מאַכן פּאַפּיראָסן און זיי פאַרקויפן
די בית־המדרש בחורים. אפשר וועל איך אַזוי אַרום קאָנען
עפּעס פאַרדינען און עס אָוועקגעבן מיינע עלטערן.

ס'איז גרינג צו זאָגן: מאַכן פּאַפּיראָסן! פון וואָס, מיט
וואָס?

איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, כ'זאָל צוגיין אין
נחמנס בירשענק. אין אַ מאַרקטאָג קומען זיך דאָרט צו־
נויף די פּויערים מאַכן אַ כוסה נאָך זייערע מסחרים אויפן
מאַרק מיט פערד אָדער חזירים. און זייענדיק אַביסל בגי־
לופין נאָכן אָראָפּלאָזן עטלעכע גלעזלעך בראָנפן, פילן זיי
נישט, ווי זיי וואַרפן אַוועק האַלבע נישט־אויסגערויכערטע
פּאַפּיראָסן. כ'בין דאָרט אַוועק, האָב צונויפגעקליבן די שטיק־
לעך פּאַפּיראָסן, אָפּגעשניטן דאָס אָפּגעברענטע, אָנגעשטאָפּט
מיטן איבערגעבליבענעם טאַבאַק די גילזן, און זיי פאַרקויפט
אין בית־המדרש.

באַלד האָב איך גענומען קאָנקורירן מיט מענדל יעקל
דעם פּאַפּיראָסן־מאַכער. ער האָט פאַרקויפט אַ פּאַפּיראָסל
אַ גראָשן און ביי מיר האָט מען געקאָנט באַקומען פאַר
פינף גראָשן — זעקס, און אַמאָל זיבן אויך. איך האָב געקאָנט
באַשטיין: ביי מיר איז עס דאָך געווען כולו ריווח און
ביי מיינע קונים איז אַ פּאַפּיראָסל געווען אַ געווינס. מען
האָט ביי מיר צעכאַפּט די סחורה ווי מצה־וואַסער.

אַז כ'האָב זיך שוין אַרויפגעאַרבעט צו קויפן אַ פּעקל
טאַבאַק און אַ שאַכטל גילזן, איז מיר שוין געווען ווויל ווי

די וועלט. ס'איז אַלץ געגאַנגען ווי געשמירט. מיינע פּאַ־פּיראָסן זענען אויך געפעלן געוואָרן די געוועלבער פון שטעטל און אַלע זענען זיי געוואָרן מיינע קונים (ס'איז נאָך נישט געווען קיין אַקציז און פּאַפּיראָסן זענען געווען אין פרייען פאַרקויף). אויף אַזוי ווייט, אַז כ'האָב שוין געמוזט נעמען „געזעלן". כ'האָב טאַקע איינגעשפּאַנט אַלע מיינע חברימלעך, אַוועקגעזעצט זיי ביים קינדער־טישל און ס'איז געגאַנגען אַ פאַבריק, אסור ווי ביי שערעשעווסקין.

מיינע עלטערן האָבן נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן. אַ קלייניקייט, ביז איצט געלעבט אין דחקות, גע־בראָכן זיך תמיד דעם קאָפּ פאַרן טאָג איבערצולעבן, און דאָ מיט אַמאָל קומען צו אונדז קונים, מענטשן פאַרלאַנגען וואָס מער „סחורה" און מען זעט טאַקע יעדן טאָג אַ פרישן גראָשן, גאָרנישט אויף קאַטאָוועס. האָבן זיי זיך אויף אַן אמת גענומען פאַראינטערעסירן מיטן מסחר. מיר האָבן פאַבריצירט און זיי האָבן עס פאַרקויפט, און ס'איז געגאַנגען אַ גאַנג.

כ'טראַכט שטענדיק, אַז דאָס האָט געמוזט געשען אין זכות פון מיינע עלטערן, כדי זיי זאָלן מיר קאָנען פראַווען מיין בר־מצווה, אַזוי ווי כ'האָב עס זיך געוווּנטשן, און נישט זיין פאַרשעמט לגבי אַנדערע קינדער. ווייל אויף צומאָרגנס נאָך מיין בר־מצווה איז צו אונדז אַריין די פּאָליציי (זיי האָבן געוווינט אינעם זעלבן הויז און זענען אויך געווען מיינע קליענטן, האָבן גאַנץ געשמאַק געררויכערט מיינע פּאַפּיראָסלעך, איין מאָל באַצאָלט און זעקס מאָל נישט) און אונדז געהייסן ליקווידירן די „פאַבריק". פּונקט אין יענע טעג איז אויפגעקומען דער מאָנאָפּאָל אויף פּאַפּיראָסן. אויף צו פאַבריצירן פּאַפּיראָסן, האָט אונדז דער פּאָליציאַנט דער־קלערט, דאַרף מען האָבן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט.

ס'איז כדאי איבערצוגעבן אַ פֿאַקט, וואָס וועט אפשר קלינגען אַביסל מאָדנע און אויסטערליש, ס'איז אָבער פּאַרט אַזוי געווען: ווי נאָר כ'האָב אָנגעהויבן לייגן תפילין, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז דאָס דאַווענען איז עפּעס ווי אַן איבעריקע זאַך, אויף וואָס מען פּטרט אומזיסט צייט, אי־בערחזרנדיק יעדן טאָג דאָס זעלביקע. בעסער די צייט פֿאַר־נוצן אויף לערנען, וואָס קאָן אפשר ברענגען עפּעס נייעס.

איך האָב באַשלאָסן מער נישט צו דאַווענען. כ'האָב עס געהאַלטן שטאַרק בסוד און בין געווען זייער פּאָרזיכטיק, געמאַכט עס אַזוי, אַז מען זאָל מיך נישט כאַפּן ביי דער האַנט.

ווען כ'האָב מיט יאָרן שפּעטער געלייענט די נאָוועלע פון י. ל. פּרץ „דאַווענען מוז מען דאָך", האָט זיך מיין מיינונג נאָך אַ מאָל באַרעכטיקט.

## איך שפּיל צום ערשטן מאָל טעאַטער...

ווען איך האָב חול-המועד סוכות געלייענט אויפן מאַרק פּלאַקאַטן, אַז ס׳ווערט געשפּילט יידיש טעאַטער, האָט מיך תיכּף אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צו גיין עס זען. אפשר שוין דערפאַר, וואָס דאָס טעאַטער-שטיק האָט גע־הייסן: „דער ישיבה-בחור". מיינט מען דאָך טאַקע מיך, האָב איך זיך געטראַכט. כ׳בין דאָך אויך געווען אַ ישיבה־בחור. האָט זיך מיר געגלוסט צו זען, ווי עס זעט אויס אַזאַ פּאַרשוין אויף דער בינע. און אפשר דערפאַר וואָס איך בין שוין פון תמיד אָן געווען געוואַלדיק נייגעריק צו זען, וואָס דאָס איז אַזוינס טעאַטער, אָדער טריאַטער, ווי מען פלעגט עס דעמאָלט שפּאָטיש אָנרופן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין עפּעס אַ מין פּורים-שפּיל, ווי איך האָב עס געקענט פון יאָרן פריער. אַ פּאָר יונגעלייט פונעם שטעטל האָבן דעמאָלט זיך געוואָנדן צו איטשע-מייער ברײַנדלס, ער זאָל זיי אויסלערנען אַ פּורים־שפּיל, וואָס ער האָט עס נאָך געדענקט פון קינדווייז. זיי האָבן אויך מיך אָנגערעדט מיטצושפּילן. איז ווי נאָר מיר האָבן געמאַכט עטלעכע פּראָבן, האָב איך שוין געקענט דאָס גאַנצע שטיק. כ׳האָב זיך אָבער מיט אָט דער חברה נישט געפּילט אַזוי שטאַרק היימיש. זיי זענען געווען אַ סך עלטער און גרעסער פון מיר. האָב איך זיי פאַרלאָזן און געקומען צו מיינע חברים און מיט זיי געמאַכט דעם „ספּעקטאַקל", וועמענס „פּרעמיערע" ס׳איז פאָרגעקומען טאַקע פּורים ביים רב. ס׳זענען זיך דאָרט צונויפגעקומען די שענסטע באַלעבאַטים פונעם שטעטל, חסידים און עמך.

די „פאַרשטעלונג" האָט זייער שטאַרק אויסגענומען. געווען אַ מאָמענט, ווען דער רב איז שיער נישט אַראָפּגעפאַלן פון שטול פאַר געלעכטער.

בין איך דעריבער געווען זייער נייגעריק צו זען, ווי אַזוי יוסף-לייב די בלינדע שיפרהס, שיע-פּרץ בעקערס און משה-ליפמאַן זלמנס, וואָס אויף זיי האָט מען געזאָגט, אַז זיי זענען אַרטיסטן — וועלן מאַכן אַזאַ פּורים-שפּיל. איז אָבער די מעשה, וואָס פאַר אַ בחור, וואָס לערנט אין בית-המדרש, איז נישט זייער פּאַסיק צו גיין זען אַ טעאַטער, אפילו ווען מען שפּילט דעם „ישיבה-בחור". וואָס וועלן מענטשן זאָגן?

כ'האָב אויך מורא געהאַט, מען זאָל מיך נישט דערפאַר קנסענען און אַרויסוואַרפן פון בית-המדרש. סיידן קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן. איז וואָס-זשע טוט מען? ווי אַזוי מאַכט מען עס צו זיין אין טעאַטער און קיינער זאָל דערפון נישט וויסן? נישט אַנדערש נאָר כ'דאַרף זיך אַריינ־באַקומען אין זאַל אַריין, ווען ס'וועט שוין זיין פינצטער, נאָכן אָנהייב.

כ'האָב טאַקע אַזוי געטאָן און זיך באַהאַלטן אונטערן טיש, ווו ס'איז געווען דער בופעט, אויף וועלכן די שיינע העלענע האָט שוין געהאַט אַ חזקה. ווי זי האָט דערהערט, אַז עמעצער גראַבלט זיך אונטערן טיש, האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַ גנב וויל איר באַראַבעווען דאָס ביסל עפּל, וואָס זענען דאָרט געלעגן אינעם גרויסן קויש. זי האָט שיער נישט גענומען שרייען געוואַלד. כ'האָב קוים באַוויזן זי צו באַרואיקן און איר געגעבן צו פאַרשטיין דעם ענין. אַז זי האָט דערזען אַ בחורל מיט פּאותלעך, וואָס איז גע־קומען זען דאָס טעאַטער-שפּיל, אין וועלכן איר מאַן האַלצ־האַקער האָט געשפּילט אַ הויפּטראָל, האָט עס, ווייזט אויס,

ביי איר אויסגענומען. זי האָט מיר געגעבן אַ פּלאַץ צו זיצן נעבן זיך.

כ׳בין געזעסן און דאָס האַרץ האָט ביי מיר געקלאַפּט פאַר שרעק, ווי ביי אַ גזלן, ס׳זאָל מיך נישט ווער באַמערקן און עס דערציילן ווו מען דאַרף. כ׳האָב באַוויזן צו זען די סצענע, ווי דער ישיבה־בחור קומט צוריק אַהיים פון דער ישיבה אין דער פרעמד, און מ׳זאָגט אים אָן די שלעכטע בשורה, אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבן, און ווי אַזוי ער זאָגט נאָך אים קדיש. דאָס גאַנצע שטעטל איז אויף צו מאָרגנס געגאַנגען אויף רעדלעך און גערעדט דערפון, וואָס יוסף־לייב האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין לעבעדיקן טאַטן.

וואָס ווייטער איז פאָרגעקומען, ווייס איך נישט. ס׳איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, כ׳האָב מורא געהאַט, מיינע עלטערן זאָלן זיך נישט כאַפּן, אַז כ׳בין נישטאָ. האָב איך זיך פאַמעלעך צוריק אַרויסגעגנבעט פונעם זאַל, געלאָפן אַהיים, געלייגט זיך שלאָפן און שאַ שטיל.

כ׳האָב, וואָס אָן אמת, פון איבעראַשונג נישט גע־קאָנט אַזוי גיך איינשלאָפן און כסדר געהאַט די אַרטיסטן פאַר די אויגן, ווי זיי גייען אַראָפּ און אַרויף אויף דער בינע. איך האָב זיי שטאַרק מקנא געווען, און אין האַרצן האָב איך געבעטן, ס׳זאָל מיר אויך אַמאָל באַשערט זיין אַזוי ווי זיי, צו שטיין אויף אַ בינע און זינגען אָדער שפּילן טעאַטער פאַר אַזוי פיל מענטשן. ס׳האָט מיך עפּעס, אַזוי צו זאָגן, געצויגן צו די ברעטער...

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז מיינער אַן עלטערער חבר שמחה מייערס, האָט פאַרלאָזט די בית־המדרש־באַנק און אָנגעהויבן לערנען אין דער וועלטלעכער שולע צוזאַמען מיט מיין עלטסטן ברודער שמואל. זיי זענען דערגאַנגען ביז מאַטורע, און שמחה מייערס איז געוואָרן בוכהאַלטער

אין אַ גרויסער פּיעטרקאָווער פירמע. אויך ער האָט גע־האַט אַ נייגונג צו טעאַטער. ווען ער איז געקומען אויף פּסח צו זיינע עלטערן אין שטעטל, האָבן אים די חברים פון י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק געבעטן, אַז היות ווי זיי אָרדענען איין אויף דעם לעצטן טאָג פּסח אַ ליטעראַרישן אָוונט, זאָל ער עפּעס איינשטעלן אַ שטיקל אַרטיסטישן פּראָגראַם. ווערמען זאָל מען בעטן, אויב נישט אים? איז ער דאָך שוין שיינע עטלעכע יאָר געווען אין דער גרויסער שטאָט און האָט זיך אָנגעזען אַזוי פיל טעאַטערס, און אפילו אַ סך מאָל אַליין אויך געשפּילט. ער האָט וועגן דעם אַלע מאָל דערציילט און גערעדט מיט גרויס ערנסטקייט.

בקיצור, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט מיט ביידע הענט, פאַרגעלייגט צו שטעלן אַ סצענע פון אַנ־סקים „דיבוק", וואָס איז אין יענער צייט געווען שטאַרק אין דער מאָדע: דעם דיאַלאָג צווישן חנן און זיין חבר הענעך. ער אַליין וועט שפּילן חננען און מיר האָט ער פאַר־געלייגט צו שפּילן הענעכן. פאַרוואָס מיר? ווייל ער האָט זיך דערמאָנט די מעשה, וואָס כ'האָב אים אַמאָל דער־ציילט, ווי אַזוי כ'האָב זיך אַריינגעגנבעט אין טעאַטער צו זען דעם „ישיבה־בחור" און ווי איך בין געווען פון דעם שטאַרק באַגייסטערט און ס'האָט זיך מיר פאַרוואָלט שפּילן טעאַטער. האָט ער אָנגענומען, אַז כ'וועל זיין פּאַסיק פאַר דער ראָל.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געלאָזט זיך לאַנג בעטן און באַלד מסכים געווען. עפּעס אַ קליינינקייט, שפּילן טעאַטער! אַ זאַך, וואָס כ'האָב וועגן דעם יאָרן־לאַנג גע־חלומט און צו דעם געשטרעבט.

מען האָט זיך גענומען ווי ס'דאַרף צו זיין צו די פּראָבן. קיין סך צייט איז נישט געווען, אינגאַנצן אַ פּאָר טעג.

צום אָוונט איז אויך געווען איינגעלאַדן אַ פּרעלעגנט פון לאָדזש. זיין נאָמען איז, דוכט זיך, געווען וויראַווסקי.

מען האָט געדונגען דעם פייערלעשער־זאַל, צעקלעפּט אַפישן. אויף די אַפישן האָט אויך פיגורירט מיין נאָמען ווי אַ מיטבאַטייליקטער אינעם קינסטלערישן טייל. מיין פרייד איז געווען אין לשער. כ׳האָב אָן אויפהער געלייענט און איבערגעלייענט די אַפישן און ס׳האַרץ איז געוואַקסן פאַר נחת. כ׳האָב זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן אויפן גליקלעכן טאָג, ווען כ׳וועל ארויף אויף דער בינע און שפּילן פאַר אַן עולם אמתדיק טעאַטער.

דעם לעצטן טאָג פּסח, ווען ס׳האָט געזאָלט פאָרקומען דער אָוונט, זאָגט צו אונדז שמחה מייערס, אַז ער מוז אומבאַדינגט ארייגפאָרן קיין פּיעטרקאָוו אויף עטלעכע שעה און אין אָוונט קומט ער צוריק. קיינעם איז נישט איינגע־פאַלן אים דערפון אָפּצוהאַלטן. מען האָט אים באַגלייט אַ שטיק הינטערן שטעטל, כדי קיינער זאָל נישט באַמערקן, אַז ער פאָרט יום־טוב מיטן אויטאָבוס, און זיך גענומען פאַרען אין זאַל, צוגרייטן די בינע, אַלץ זאָל זיין ווי מען באַדאַרף.

אין אָוונט. דער עולם הייבט שוין אָן אָנקומען אין זאַל. אָט זענען שוין באַזעצט אַלע פּלעצער. ס׳איז אויך שוין גע־קומען דער רעפערענט פון לאָדזש. מען וואַרט אויף דעם אויטאָבוס, מיט וועלכן ס׳דאַרף אָנקומען שמחה מייערס. דער זייגער איז שוין האַלב ניין. דער אויטאָבוס קומט מיט מזל אָן — והילד איננו. נישטאָ אין אים שמחה מייערס. מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום שאָפער: סטייטש! ווי איז דאָס מעגלעך? ער מוז דאָך היינט אָוונט דאָ זיין?

— צי ער מוז דאָ זיין, צי נישט, גייט מיך וויניק אָן, מיט מיר איז ער נישט געקומען — ענטפערט דער שאָפער מיט זיין הייזעריקער שטימע.

— זענט איר אפשר היינט פריער ווי תמיד פון דאָרט אָפּגעפּאָרן? — בעט מען זיך נאָך אַ מאָל אָן ענטפער ביים שאָפער.

— פאַרקערט — ענטפערט דער שאָפער, שוין אַ ביסל בייזלעך — גראָד היינט בין איך אָפּגעפאָרן שפּעטער, ווייל אין דער לעצטער מינוט האָב איך באַמערקט, אַז אַ ראָד האָט נאַוואַליעט און האָב עס געמוזט ברענגען אין אָרדענונג.

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? — פרעגט איינער דעם אַנדערן, און קיינער ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. ביי יעדערן האָט געעקבערט אין מוח די פראַגע: פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט ער אונדז געמאַכט דעם קאַוואַל? מילא, פון געבן די סצענע איז דאָך שוין נישט געווען קיין רייד. מען האָט זיך נאָר געבראָכן דעם קאָפּ, מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן פאַרן עולם, און נישט זיין געצווונגען צוריק־צוצאָלן פאַרן איינטריט.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט דער פּאָרזיצער פון דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, וואָווע זיסהאָלץ, מיר דערציילט די מעשה: „הערשעלע, הערשעלע, האָט ער אַ זאָג געטאָן, דו ווייסט שוין היינט קיין טעאַטער נישט שפּילן.״ איך בין געוואָרן בלייך ווי די וואַנט, ס׳האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון. אַזאַ זאַך! יאָרן־לאַנג געחלומט, אַז כ׳זאָל אויך אַמאָל האָבן די זכיה צו שפּילן טעאַטער, און האָב איך שוין באַ־קומען אַזאַ געלעגנהייט, זאָל עס זיך אַזוי, מיר נישט, דיר נישט, אַרויסגליטשען פון דער האַנט?

ניין, זאָג איך מיר, איך טאָר נישט דערלאָזן דערצו!

נישט לאַנג געטראַכט, רוף איך זיך אָפּ צום פּאָרזיצער:

— וואָווע! איך וועל שוין היינט יאָ שפּילן.

— וואָס הייסט? קוקט ער מיך אָן. ווי ער וואָלט נישט געגלויבט מיינע רייד.

— הער זיך צו, איך קען ביידע ראָלן אויף אויסנ־ווייניק: הענעך און חנן. הערשל פּיעטרושקע וועט שפּילן מיין ראָל „הענעך״ און איך וועל שפּילן שמחה מייערס ראָל „חנן״. הערשעלען וועל איך אויסלערנען די ראָל הינטער די קוליסן, עטלעכע מאָל איבערגיין. ביז מיר וועלן דאַרפֿן שפּילן, וועט עס זיין פּאַרטיק. זאָרג זיך נישט, ס׳וועט זיין גוט! אפשר נאָך בעסער ווי מיט דעם ליידאַק, וואָס האָט אונדז אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל. העכסטנס וועט מען אַביסל אונטערזאָגן דעם טעקסט, אַבי נישט דאַרפֿן צוריקצאָלן פֿאַר די בילעטן.

דער פּאָרזיצער האָט מיך אָנגעקוקט און באַוווּנדערט מיין קוראַזש. ער האָט זיך באַראָטן מיט די מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג און באַשלאָסן נאָכצוקומען מיין פֿאָר־שלאָג. אַ ברירה האָבן זיי געהאַט? אַלץ בעסער ווי גאָרנישט. אין ערגסטן פֿאַל, האָבן זיי זיך געטראַכט, וועט מען זיך דערנאָך אַנטשולדיקן פֿאַרן עולם און דערציילן דעם גאַנצן אמת. און תּוך כּדי דיבור האָבן זיי טאַקע גערופֿן הערשל הענעכס פּיעטרושקע.

הענעך פּיעטרושקע האָט פֿאַרמאָגט אַ קיימא לן פֿון צוועלף קינדער, זין און טעכטער. מען האָט זיך געוויצלט, אַז ווי נאָר זיי ווערן געבוירן, קענען זיי שוין דריי זאַכן: שפּילן אין קאָרטן, כאַפּן פֿיש און דער עיקר — זינגען. אַלע האָבן זיי געזונגען ביים חזן, אַלע מאָל געווען די סאָליסטן. געהאַט קלינגענדיקע שטימעלעך, ווי די סאָלאָווייען.

הענעך פּיעטרושקע אַליין איז געווען אַ ייד אַ שניידער, דערצו אַ בעל־תּפֿילה, וועלכער האָט פּשוט נישט גע־קאָנט לעבן אָן ברעטל. מ׳פֿלעגט אויף אים זאָגן, אַז קוים דאַוונט ער נישט שבת פֿאַרן עמוד, האָט ער, לא עליכם, אַ פֿאַרשטערטן שבת. אָבער ס׳איז דאָך עפּעס נישט שיין אַליין

זיך צוכאַפּן צום ברעטל, האָט ער עס געמאַכט אויף אַזאַ אופן: ער פלעגט צוגיין צו אַ ייִד, וואָס האָט נאָך קיינ־מאָל נישט געדאַוונט פאַרן עמוד און אים פאַרלייגן צו גיין דאַוונען. יענער פלעגט אים אָנקוקן און אַ זאָג טאָן: איך? גיי דו! אויף דעם האָט ער נאָר געוואַרט. און אָט איז ער שוין געשטאַנען פאַרן עמוד און געשריגן: „לכו נרננה!"

איך מיט זיין הערשלען האָבן געזונגען ביים חזן דועט: ער — סאָפּראַן און איך — אַלט. מיין לעצטן חזן האָב איך טאַקע צו פאַרדאַנקען, וואָס איך קען עד היום נישט זינגען. אין דער צייט, וואָס איך האָב באַדאַרפט איבערררייסן, נישט געטאָרט זינגען, האָט ער מיך אָבער נישט אָפּגעלאָזט, מחמת ער האָט זיך אין מיר געניייטיקט, און מיר דורך דעם צע־ריסן די שטימע. ס'זאָל אים נישט פאַררעכנט ווערן ווי אַן עבירה, אַ טייערער ייִד געווען. מיין פאָטער פלעגט אויף אים זאָגן: „הלוואי וואָלט ער געווען אַזאַ גוטער חזן ווי אַן אָרנטלעכער מענטש ער איז". אַ סך מאָל האָט ער זיך געמאַכט נישט זעענדיק, ווען מיר פלעגן עסן פאַרן דאַוונען.

צווישן הענעך פּיעטרושקעס קינדער איז זיין הערשל געווען דער פּעאיקסטער: שיין, געראָטן, מיט אַלע מעלות. מיר זענען געווען נאָענטע חברים. געהייסן טאַקע דעם זעלבן נאָמען, געווען אין זעלבן עלטער, געטראָגן כמעט די זעלבע קליידונג. ווער ס'האָט נישט געוווּסט, האָט געקאָנט מיינען, אַז מיר זיינען אַ צווילינג.

אַז כ'האָב אים איבערגעגעבן, וואָס ס'האָט פּאַסירט, אַז ער מוז היינט שפּילן מיט מיר די ראָל פון הענעך, איז ער נעבליבן ווי געפּלעפּט און נישט געוווּסט, וואָס צו ענט־פערן (אגב, איז ער אויך אַ שפּאָר ביסל געווען געכאַפּט אויף דער מעשה פון וועלן שפּילן טעאַטער). ער האָט קוים

אַרויסגעשעפּטשעט: אָבער ווי אַזוי? כ׳הייב דאָך נישט אָן צו וויסן, וואָס און ווען... איך קאָן דאָך קיין וואָרט נישט...

— איך וועל דיך אויסלערנען — האָב איך אים צו־געגעבן מוט. — אַחוץ דעם, וועט מען דיר אונטערזאָגן פון סופלער־קעסטל.

ווייזט אויס, אַז דער יצר־הרע צו שפּילן טעאַטער איז אַזוי גרויס און מעכטיק, אַז ער איז אַלץ גובר. ער האָט באַקומען קוראַזש. מיר זענען אַריין הינטער די קוליסן און שטילערהייט, כדי נישט צו שטערן דעם רעדנער אין זיין רעפעראַט — כ׳האָב אפילו נישט געהערט וועגן וואָס ער האָט גערעדט — האָב איך מיט מיין חבר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט די ראָל.

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין ערשטן אויפטריט אין יענעם אָוונט. כ׳האָב געשפּילט די ראָל פון חנן, אין דער סצענע, ווי ער קומט אַריין אין שול און באַמערקט דעם ארון־קודש אָפן. טרעמעו האָב איך געהאַט אין לשער. דאָס ספּרל, וואָס כ׳האָב געהאַלטן אין האַנט, האָט זיך געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. צווישן עולם האָט מען געמיינט, אַז ס׳באַ־דאַרף אַזוי זיין, אַז דאָס געהערט גאָר צום גוטן שפּילן. מיין שרעק איז געווען אַ טאָפּעלע: נישט אַזוי ווייט פאַר מיר. איך האָב, ווי ס׳זאָל נישט זיין, געוווּסט דעם טעקסט, גע־קענט אים אויף אויסנווייניק. כ׳האָב זיך מער געשראָקן פאַר מיין חבר, ער זאָל, חלילה, נישט געשטרויכלט ווערן, און אויך פאַר דער אחריות, וואָס כ׳האָב אויף זיך גענומען.

ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און מיר האָבן דערהערט די אַפּלאָדיסמענטן אינעם זאַל, נישט וויסנ־דיק צוליב וואָס, צי פאַר אנערקענונג, צי פאַר רחמנות, צי סתם אַזוי, ווי דער מנהג איז — זענען מיר זיך ביידע גע־

פאַלן אין די אָרעמס און טרערן פון פרייד זענען געהאָנגען אויף די וויעס פון אונדזערע אויגן.

דער אמת פון דער מעשה מיט שמחה מייערס אָפּגעשטוענעם שטיקל אויף אָט דעם אָוונט איז אונדז ערשט קלאָר געוואָרן אַ פּאָר יאָר שפּעטער. קודם כל האָט ער זיך נישט מער באַוויזן אין שטעטל, אוודאי זיך געשעמט צו ווייזן פאַר אונדז. נאָר אַז ער האָט געהאַלטן ביים חתונה האָבן, האָט ער דאָך געמוזט קומען אינעם שטעטל, כדי זיין פאָטער זאָל אים פירן אין שול אַריין, ווי דער מנהג איז געווען, צום באַשיטן... האָט זיין פאָטער, ווי דער שטייגער איז געווען, פאַרבעטן אויף שבת נאָך מיטאָג די יונגעלייט פון שטעטל צום חתן.

מיר האָבן, וואָס אַן אמת, געהאַט אָפּגעמאַכט נישט צו גיין צו אים. זאָל ער וויסן, וואָס ס'הייסט נעמען מענטשן און פאַרפירן. מיר האָבן אָבער געוואָלט זיך מיט אים אָפּרעכענען. כאָטש ער איז טאַקע אַ חתן, האָבן מיר אים פונדעסטוועגן געוואָלט מסלק זיין, אַזוי ווי ער האָט עס פאַרדינט. זענען מיר צו אים יאָ געגאַנגען.

ווי נאָר שמחה מייערס, דער חתן, האָט אונדז דערזען, איז ער מיט טרערן אין די אויגן צו אונדז צוגעפאַלן און געבעטן סליחה און מחילה. ס'איז נישט, זאָגט ער, געווען זיין שולד, נאָר זיין פאָטערס, וואָס האָט ממש מרעיש עולם געווען, אַז זיין בן־יחיד, זיין אויג אין קאָפּ, זאָל נישט טאָן אַזאַ זאַך — גאָר ווערן אַן אַקטיאָרשטשיק און שפּילן טעאַטער.

— כ'האָב געזען מיין פאָטערס צער, נישט געוואָלט מורד זיין קעגן כיבוד־אב. האָב איך באַשלאָסן, אַז צום בעסטן וועט זיין, כ'זאָל זיך נישט געפינען דאָ אויפן אָרט

און וואָס ס׳וועט זיין — זאָל זיין. מיט סכנת נפשות וועט עס דאָך נישט שמעקן.

ער האָט אונדז יאָ איבערצייגט, נישט איבערצייגט — איין זאַך איז קלאָר געווען: אויב עמעצער איז דעמאָלט יאָ גע־ווען צופרידן פונעם עסק, זענען עס געווען איך און מיין חבר הערשל.

## אַ פֿאַרשטערטע חתונה

ווען דער חתונה וואָס ס׳גרייט קלמן־אָרטשיק פֿאַר זיין טאָכטער רחלע, האָט מען גערעדט אין דער גאַנצער געגנט.

פֿאַרוואָס נישט? געווען איז ער דער רייכסטער פֿון אַלע פּורמאַנעס, פֿאַרמאָגט זיין אייגנס עטלעכע פּלאַטפֿאָר־מעס, פּראַכט־וועגענער: פֿינף פֿאָר בולאַנעס זענען די גאַנצע וואָך געגאַנגען אין שפּאַן. דאָס אַלץ האָט אים געגעבן פּרנסה כאחד בנגידים. אַ שידוך האָט ער געטאָן, וואָס אַז מ׳האָט אַ טאַטן אַ רב, קאָן מען בעסער זיך נישט ווינטשן. דהיינו, גענומען אַן איידעם אַ לערנער, אַ בחור פֿערוועס שעבעפּערוועס און וועד וויסט, צי ער וועט נישט אַמאָל פּסקענען שאלות אויך און זיין רחלע וועט נאָך אַ רביצין ווערן.

אַז ס׳ווערט ביי קלמן־אָרטשיק געפֿירט אַ ברייט הויז, האָבן אַלע געוווסט. אַז בדרך־כלל באַנעמט ער זיך שענער און בעסער פֿון די גבירים, האָט קיינער נישט געספֿקט. דאָס האָט מען געזען, ווען מען האָט, למשל, באַדאַרפֿט חתונה מאַכן אַ יתומה און קיין נדן איז נישט געווען. האָט שוין קלמן געזאָרגט, אַז צוליב דעם זאָל דאָך דער שידוך נישט אָפּגיין. היינט, ביים אויפֿרופֿן צום ספֿר פֿלעגט ער מנדב זיין מיט זייער אַ ברייטער האַנט. מילא, פֿון אַ גמילות־חסד איז שוין אָפּגערעדט: ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָפּגעזאָגט. צו טאָן אַ יידן אַ טובה איז ער תמיד געווען גרייטן, אַפֿילו אין האַלבער נאַכט. האָט מען באַדאַרפֿן „אָפּ־רייבן" ביי נאַטשאַלסטווע אַ געשמוגלט פּעסל אָקעוויט, וואָס מ׳האָט געפֿונען ביי רפֿאל פּיעטרושקע, איז מען גלייך געקומען צו קלמנען. ער האָט שוין געוווסט ווהין מען

דאַרף גיין, און עס באַלד געכשרט. מיט יעדן איז ער געווען א גוטער ברודער. מיט איין וואָרט — אַ נאַש-בראַט!

האָבן דעריבער אַלע זיך געריכט צו זיין מחותנים אויף דער חתונה, וואָס איז געוואָרן אָפּגעשמועסט אויף נאָך שבועות; געווען זיכער, אַז ס'וועט שוין זיין איין מאָל אַ חתונה!

באַלד נאָך פסח טאַקע, ווי נאָר מען האָט אַרויסגע־פּטרט דאָס יום-טובדיקע געפּעם מיטן פעסל פון באָרשטש, האָבן אַלע גענומען אַזוי זיך פאָרען, אַז מ'האָט געקאָנט זען, ווי דאָס שטעטל גייט אויף רעדלעך.

שניידערינס זענען געווען פאַרקאָפּעט מיט אַרבעט פאַר דער כלהס אויסשטייער און מיט אויססטראָיען די מחותנתטע. מיידלעך זענען געווען פאַרנומען מיטן פוצן אויף גלאַנץ זייערע שיכעלעך מיט די הויכע קלעצלעך, מיטן אויסביגלען די קליידער, וואָס זאָלן זיין גרייט אויף דער חתונה. יונגע־לייט האָבן געלאָזט איבערניצעווען זייערע שבתדיקע מל־בושים. ווייבער האָבן זיך געלאָזט אויסקעמען די שייטלעך, באַבעס האָבן געבראַכט אין אָרדענונג זייערע קופּקעס. אפילו פראַדע, יאָמע האקס טאָכטער, וועלכע האָט נישט געוואָלט הערן דאָס וואָרט חתונה, געציטערט דערפאַר ווי פאַר פייער, און ווען מען האָט זי געפרעגט דרך אגב: פראַדע, ווען וועסטו חתונה האָבן? פלעגט זי געבן אַ געשריי, גלייך ווי מען וואָלט זי אָפּגעבריט מיט אַ טאָפּ הייס וואַסער: „זאָלן מיינע שונאים חתונה האָבן! נישט איך" — אויך זי האָט געגעבן איר הסכמה צו גיין אויף רחלעס חתונה.

מיט איין וואָרט: דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, אָרעם און רייך האָבן זיך געגרייט צו דער חתונה ווי אייגענע צו אייגענע.

האָט טאַקע קלמן געלאָזט רופן צו זיך די שמשים פון

שול און בית־המדרש, זיי געגעבן שכר־הליכה און באַפוילן אַלעמען צו פאַרבעטן.

אַז איך האָב יאָ זוכה געווען, האָט ער געזאָגט, צו אַזאַ שידוך, זאָלן אַלע זיך מיטפרייען! און אויב איך האָב שונאים, וואָס פאַרגינען מיר נישט מיין גליק, וואָרעם ווי קומט צו אַ פורמאַן אַזאַ איידעם? — זאָלן זיי פּלאַצן פאַר קנאה! ווען ווי ער'ט עם? זאָלן זיי צעזעצט ווערן! איך מוז זיי ווייזן, ווער קלמן פורמאַן איז! דעם טייערסטן יונגנמאַן פון דער געגנט וועל איך האָבן פאַר אַן איידעם. דעם בעסטן קאָפּ! איך אַליין — האָט ער געזאָגט — קאָן טאַקע נישט לערנען די הייליקע תורה, וועל איך כאָטש האָבן אַן איידעם אַ לערנער. איך האָב ליב די תורה ווי מיין לעבן. שעכטן וועל איך זיך לאָזן פאַר איר.

בכלל איז קלמן געוואָרן שטאַרק אין כעס, ווען מען האָט אים מיט עפּעס וואָס געשטערט ביים דאַווענען, צי ביי אַ קאַפּיטל תהילים. ס'האָט געטראָפן ווען די שמייסער־יונגען האָבן אים אַמאָל דערביי געפּלעגט מוטשען אַלע ווײַלע מיט עפּעס אַנדערש, ווי אַ שטייגער: סאַרא אָבראָק ס'דאַרף באַקומען די קאָבילע? אָדער וויפל האָבער דאַרף מען צושיטן דעם „קאַשטאַן”? צי זאָל מען די זשרעבאַקעס געבן אַ טרונק? פּלעגט אים שוין פּלאַצן דאָס געדולד: „די כאָלערע זאָל עס נעמען! דאָס צרהדיקע ביסל דאַווענען לאָזן זיי מיר אויך נישט באַקומען...”

צוגלייך ווי אַלע אַנדערע האָט אויך קלמן זיך גענומען גרייטן זיינע חתונה־מלבושים. ביי הערש־בער היטל־מאַכער זיך באַשטעלט אַ סאַמעטן היטל, ביי הענעך פּעטרושקע — אַן אַטלאַסענע זשופּיצע, ביי אייזיק לאַטע — געמזענע קאַמאַשלעך, וואָס דאָס לעדער האָט אייזיק ספּעציעל געבראַכט אַזש פון לאָדזש, ווייל זינט מען האָט אים

באגנבעט האט ער די טייערע לעדער נאר געקויפט אויף באשטעלונג.

געווען איז די מעשה מיט זיין גניבה אזא: אין א זו־מערדיקן פרייטיק־צונאכטס, ווען אייזיק לאטע מיט זיין בני־בית זענען ביים אפענעם פענצטער געשמאק געשלאפן נאך א גאנצער וואך הארעוואניע, האבן גראד אינעם שטעטל גאסטראלירט די „בארימטע" גנבים, די בעדנאסקים, וואס זענען געווען קינסטלער אינעם פאך. דורכן פענצטער האבן זיי אפגעשטאט א וויזיט ביי אייזיקן און צוגענומען אלץ, וואס זיי האבן געוואלט. אפילו דאס איבערבעט. ס'האבן זיך טאקע מענטשן געבראכן דעם קאפ, נישט געקאנט פאר־שטיין, ווי אזוי איז דאס מעגלעך, אז א מענטש זאל נישט פילן, ווי מען ציט פון אים אראפ דאס איבערבעט? נישט אנדערש, נאר ער איז דעמאלט נישט געשלאפן אין דעם בעט, האבן זיך לצים געוויצלט. פון דעמאלט אן איז אייזיק געווען זייער אפגעהיטן.

ווען הענעך פעטרושקע האט אפגעברענגט די אט־לאסענע זשופיצע און אנגעמאסטן קלמנען, האט זיך קלמן שוין געפילט ווי א פארטיקער מחותן. קוועלנדיק פון זיך האט ער געזאגט צום ווייב: „הא, חנה־רויזע, צו וואס מיר האבן זוכה געווען? קיין עין־הרע זאל אונדז נאר נישט שאטן". און רחלען האט ער אנגענומען ביי דער גאמבע: „זעסט, טאכטער מיינע, אלץ פאר דיר און צוליב דיר. איי, ווען מיר פון דיר נחת דערלעבן! וועסט זען, מיין קינד, נחת!"

רחלע איז געווען באשאנקען מיט א גרויסער שיינ־קייט. די יונגען זענען געווען די כפרה נאך איר, האבן גע־חלשט מיט איר א ווארט צו רעדן, א טשעפע צו טאן, אבער געציטערט פאר קלמנען אימת־מוות, יענער זאל זיי נישט

דערפֿאַר מכבד זיין מיטן אָרטשיק, אָנברעכן זיי די ביינער, ווי ער האָט עס געמאַכט מיט פישעלע, זעליק פֿאָטערס זון דעם פריזירער, וועלכער האָט זיך געטשעפּעט צו רחלען, געפירט מיט איר אַ ליבע. קלמן האָט אים געוואָרנט, אַז ער וועט קעפּ שפּאַלטן, ביינער ברעכן, אויב ער וועט נישט אויפהערן צו קריכן צו איר. הער נאָר אַ מעשה! האָט ער זיך געכעסט — איך זאָל גאָר נעמען פֿאַר מיין רחלען אַ גאָלע־בראָדע, וואָס מען זאָגט נאָך אויף אים, אַז ער עסט קאָלבאַס, און פון אַ פּאַפּיראָסל אום שבת זאָגט ער זיך אויך נישט אָפּ, ווייסט נישט פון קיין דאַווענען, פרעסט אום יום־כפור... נישט דערלעבן וועלן דאָס מיינע שונאים! ער פלעגט אים טרייבן פון שטוב, וואָרענען אים, אַז ער זאָל אָפּלאָזן זיין קינד און נישט פֿאַרדרייען איר קאָפּ מיט אַ ליבע־שמיבע, „איכ׳ל דיר דערלאַנגען אַ ליבע איבערן קאָפּ, וועסטו עס האָבן צו פֿאַרגעדענקען". ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן און קלמן האָט זיי אַמאָל ווידער געפּאַקט צוזאַמען, האָט ער געכאַפּט דעם אָרטשיק און אים, פישעלען, הייסט עס, אַזוי מכבד געווען, אַז יענער איז חדשים לאַנג געלעגן אין בעט, שיער נישט אויסגעהויכט די נשמה. זינט דעמאָלט האָט מען אים טאַקע גערופן קלמן־אָרטשיק.

רחלע, נאָך גאָר אַ יונגע, קוים אַכצן יאָר, האָט נאָך נישט פֿאַרשטאַנען צו טראַכטן וועגן תכלית. דעם חתן, וואָס אירע עלטערן האָבן פֿאַר איר אויסגעקליבן און מיט וועלכן זי האָט געדאַרפט חתונה האָבן, האָט זי נאָך נישט געזען, זי האָט בלויז געוווּסט, אַז ער איז אַ בלאָנדער, און דאָס איז לגמרי נישט געווען לויט איר געשמאַק. זי האָט שטענדיק גע־חלומט און באַגערט, אַז איר חתן זאָל זיין אַ שוואַרצינקער, ווי, למשל, פישעלע. הגם לויט אירע עלטערן, איז דער חתן אַ שיינינקער, האָט זי אָבער געצווייפלט, אויב ער וועט זי קאָנען אַזוי ליב האָבן, ווי פישעלע. מיט אים, פילט זי,

וואָלט זי געווען איבערגליקלעך. דערצו נאָך איז פישעלע אַזוי שטאַרק באַלייענט, ווייסט פון אַזוי פיל יידישע און פוילישע ביכער. זי קאָן נישט פאַרשטיין פאַרוואָס איר פאָטער איז געווען אַזוי שטאַרק דאַקעגן, אַז פישעלע זאָל זיין איר חתן. וואָס האָט ער מורא געהאַט? דעם יחוס זיך איינצוריכטן? איז דאָך פישעלע מער יחסן פון אים. ער איז יצחק בצלאלס אייניקל. איי ער איז נישט קיין באַנק־קוועטשער אין בית־המדרש ווי די אַנדערע „לאַפּטשוכעס"? דערפאַר איז ער אַ „היינטיקער", דער סופלער אין יידישן טעאַטער, וואָס אָן אים קאָן מען גאָרנישט שפּילן...

מיטן שפּילן איז זי, כ'לעבן, געווען גערעכט. ס'האָט טאַקע געטראָפן אַזאַ פאַל:

געווען איז די מעשה חול־המועד פּסח, ווען די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק האָט אויפגעפירט „געלט, ליבע און שאַנדע", און פישעלע איז געזעסן אויף זיין פּאָסטן אין סופלער־קאַסטן. דער העלד האָט אויף דער בינע געגעבן אַ טופּע מיטן פוס, אַזוי ווי ס'האָט זיך געפּאַסט פאַר דער סצענע. דערפון איז איבערגעריסן געוואָרן ביי פישעלען דער קאָנטאַקט פון דעם עלעקטרישן לעמפּל. פישעלע איז געבליבן אָן ליכט, נישט געזען צו לייענען.

די אַקטיאָרן זענען געבליבן ווי צעטומלט, נישט גע־ווּסט וואָס צו טאָן, וואָס צו רעדן, גענומען אַלץ מער טו־פּען מיט די פיס, זיך פּשוט געבעטן מיט די אויגן: „פישעלע ממזר, גיב אַ וואָרט", און פישעלע, פול מיט כעס אויף זיך אַליין, האָט געענטפערט: „טופּעט פון היינט ביז מאָרגן, כ'זע נישט צו לייענען". ער האָט האַסטיק גענומען גראַבלען ביים קאָנטאַקט, ביז דאָס עלעקטרישע ליכט איז אינגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. מען איז געווען געצוווּנגען צו פאַרציען דעם פאָרהאַנג.

הגם רחלע איז געווען אַן איידל קינד, קיינמאָל נישט אַקעגנגערעדט טאַטע־מאַמע, וואָלט זי איצט גערן געוואָלט אַ פרעג טאָן דעם טאַטן אירן, פאַרוואָס ער וויל נישט זען זיין טאָכטער אַ גליקלעכע מיט פישעלען, וואָס זי ליבט אים אַזוי שטאַרק. זי האָט אָבער מורא געהאַט עס פאַרן מויל צו ברענגען, געציטערט פאַרן בלויזן געדאַנק. זי איז דע־ריבער אַרומגעגאַנגען אומעטיק, פאַרטראַכט, גאָרנישט ווי אַ כלה.

קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס אין רחלעס האַרצן טוט זיך און צו וואָס זי גרייט זיך. וואָס מער זי האָט געטראַכט, אַלץ פעסטער האָט זיך ביי איר איינגעוואָרצלט אַ געדאַנק, אַז סוף כל סוף וועט קיינער זייערע הערצער נישט אים־שטאַנד זיין צו צערייסן. ס'איז נישט פאַראַן אַזאַ כוח, וואָס זאָל קאָנען דערשטיקן זייער ליבע. זי האָט נישט אויפגעהערט צו האָפן און צו גלויבן, אַז ס'וועט פאָרט גע־שען עפּעס אַ נס, וואָס זאָל צונישט מאַכן דעם אויפגעצוווּנ־גענעם שידוך. און אויב אַזאַ נס וועט נישט קומען, וועט זי שוין אַליין מוזן זיך אַן עצה געבן.

אינעם חופה־טאָג, ווען ס'זענען אָנגעקומען פאַרשידענע דעפּעשן און ווינטשעוואַניעס פון קרובים און פריינט פון ווייטע ערטער, און רחלע האָט זיי גענומען איבערלייענען, האָט איר איינע אַזאַ דעפּעשע פאַרקלעמט ביים האַרצן. דאָס איז געווען אַ טעלעגראַמע פון פישעלען מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „מיין טייערע רושקאַ! איך ווינטש דיר גליק. דיין פישעלע, וואָס קאָן נישט און וועט נישט לעבן אָן דיר".

רחלען איז ממש שלעכט געוואָרן, מען האָט זי קוים דערמינטערט. די שטוב־מענטשן, וואָס האָבן דאָס אויסגע־טייטשט מיט איר פאַסטן דעם גאַנצן טאָג, זענען געלאָפן

צום רב אויסצופועלן אַ היתר, די כלה זאָל מעגן נעמען עפּעס אין מויל אַריין פאַר דער חופּה.

ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אָפּמינטערן די כלה, האָט מען זיך אָנגעהויבן באַאומרואיקן, וואָס די כלי־זמרים זענען נאָך נישטאָ. זיי האָבן געדאַרפט קומען פון בעלכאַטאָוו באַלד נאָך מיטאָג, און דאָ איז שוין אַזוי שפּעט און מען זעט זיי נישט.

נישט לאַנג געטראַכט, און קלמן האָט באַפוילן די יונגען צו שפּאַנען פערד און וואָגן און פאָרן די כלי־זמרים אַנט־קעגן. ס׳האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז ביי די כלי־זמרים האָט געפּלאַצט אַ ראָד פונעם וואָגן און זיי זענען געגאַנגען צופוס.

הענדום־פּענדום, פּאַרסאָפּעטע, האָבן זיי גענומען סטראָ־יען די כלים. פּייוול כלי־זמר שרייט צו זיין זון: „לייבקע, גיב מיר נאָר אַ אַ אַ״ לייבקע ענטפערט אים: „טאַטע, רייב, ווי דו קאָנסט! ס׳איז שפּעט, מען דאַרף אָפּשפּילן דעם „מזל־טוב״.

שפּילנדיק דעם „מזל־טוב״ האָט קיינער זיכער נישט געקלערט, אַז דאָ גרייט זיך עפּעס נישט־מזלדיקס.

אָנגעהויבן האָט זיך עס, ווען ביים באַדעקן די כלה, האָט ווער פון די געסט איינגערוימט דעם בדחן, וואָס איז נאָר וואָס מיטגעקומען מיט די כלי־זמרים, אַז די כלה איז אַ יתומה, אָן טאַטע־מאַמע, ער זאָל ווייסן ווי אַזוי צו „דער־לאַנגען״. (ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען פּישעלעס שטיקל אַרבעט).

פרעגט שוין בעסער נישט, וואָס דאָרט האָט זיך אַביסל אָפּגעטאָן, ווען דער בדחן האָט מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט אָנגעהויבן באַזינגען די כלה בזה הלשון:

נשים צדקניות זאָל זיין אַביסל שטיל
הערט מיך אוים אַצינד,
ווי אַזוי מען איז מעורר אַ כלה אַ יתומה,
אָן טאַטע־מאַמע אַזוי אַ יונג קינד...

ווייטער האָט ער נישט געקאָנט אָנגיין. ער איז געבליבן דערשטוינט פון די קולות און געשרייען: שאַ! שאַ! שאַ! שאַ! סאַראַ יתומה? משוגע, חסר־דעה! וואָס פּלאַפּלט ער דאָרט? מיין בייזער חלום זאָל מיר אויסגיין צו די שונאימס קעפּ!!!

ס׳איז געוואָרן אַ געטומל. דער בדחן, נעבעך, מורא האָבנדיק, מען זאָל אים נישט דערפּאַר דערלאַנגען מיטן אָרטשיק, האָט אין גרויס פּחד און בושה געמאַכט אַ ויברח און מען איז געגאַנגען צו דער חופּה אָן אַ באַזינגעכטס, נישט צו גלייכן, ווי אויף אַ שטילער חתונה. דער עולם האָט געזען דערין נישט קיין גוטן סימן.

נאָר אָט איז מען שוין מיט מזל געשטאַנען אונטער דער חופּה. ווי דער שטייגער איז, האָט מען די חופּה גע־שטעלט אויפן שול־הויף. דער רב האָט גענומען לייענען די כתובה. מיט אַמאָל האָבן זיך צעקלונגען די קירכן־גלאָקן. דער רב האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן וואָרט. וואָס?! וואָס איז געשען?! ס׳ברענט! — האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ מהומה: ווו ברענט? וואָס ברענט? — אָט, אָט, מען זעט שוין די פלאַמען! — האָט עמעצער אויסגעשריגן. כהרף עין איז דער חתונה־עולם נישט געוואָרן. יעדער איז געלאָפן זען, צי ברענט נישט ביי אים. היינט ווער רעדט נאָך די פייער־לעשער, די פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע, זיי זענען געלאָפן פייל און בויגן ראַטעווען דאָס שטעטל.

צווישן זיי איז אויך געלאָפן מיין טאַטע, וואָס איז אַלע מאָל געווען איינער פון די ערשטע ביים לעשן אַ

שריפה. ער האָט טאַקע אַמאָל באַקומען פון אַנטעק כאַר־טשינסקי, דעם נאַטשאַלניק פון דער קאָמאַנדע, אַן אויס־צייכענונג: אַ היטל מיט אַ רויטן לאַמפּאַס. דאָס דאָזיקע היטל און דעם פּאַסעק מיטן מעשענעם שנאָל האָט מיין טאַטע געוויינלעך גענוצט נאָר איין מאָל אין יאָר: פּורים אין שטיבל משמח צו זיין זיינע חברים, די חסידים. ער פלעגט זיי ברענגען צום לאַכן מיט זיין אויסזען אין דער זיידענער זשופּיצע, מיט זיין געלער באָרד, סטראַזשאַצקן היטל און ברייטן לעדערנעם פּאַסעק. דער עולם חסידים פלעגט זיך האַלטן ביי די זייטן פאַר געלעכטער.

און אָט טראָגט זיך שוין די פּאָמפּע מיט דער פּאָזשאַר־נער קאָמאַנדע. חברה פייערלעשער לויפט פון אַלע זייטן מיט די לייטערס און העק. הינטער זיי טראָגט זיך אַ מחנה חדר־יינגלעך. אָבער וווּהין? ווו ברענט? קיינער ווייסט נישט. ביי דעם, וואָס האָט געזען די פלאַמען, האָט זיך פשוט צעשפּילט דער כוח הדמיון. נישטאָ קיין פלאַמען. נישטאָ קיין שריפה. די פייערלעשער, דער עולם, די יינגלעך — אַלע בלייבן שטיין נשתומם. ווער האָט עס אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל? געצויגן די גלאָקן, מיר נישט, דיר נישט, אויף קאַטאָוועס?

ערשט שפּעטער האָט מען זיך משער געווען, אַז דאָס איז טאַקע ווידער געווען פּישעלעס אַ שפּיצל. נאָר בשעת מעשה איז עס קיינעם נישט איינגעפאַלן. די בהלה איבער דער פאַלשער שריפה האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. דער עולם האָט גענומען זיך ווידער קלייבן אויפן שולהויף. שמואל שמש האָט צוריק אויפגעשטעלט די חופּה־שטאַנגען, געברענגט צו פירן דעם רב מיטן חתן, ווען דער רב האָט דערוויל „ביז מען וועט איינלעשן די שריפה", געהאַלטן ביי זיך און געשמועסט מיט אים אַביסל

תורה. ערשט איצט האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז די כלה איז נישטאָ, נעלם געוואָרן די כלה!

וווּ איז די כלה? וווּ קאָן זיין די כלה? ווער האָט געזען די כלה? אַ ליאַרעם, אַ גערודער. קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט וווּ זי איז אַהינגעקומען.

מען האָט געזוכט, געגישטערט אויף אַלע אָפענע ערטער, ביי דער אָפּגעברענטער מיל, אין אַלע סטאַדאָלעס,– נישטאָ די כלה. ס'איז געוואָרן אַ פרישע טרעוואָגע, און קלמן מיט די יונגען, און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל נאָך זיי, האָבן זיך געלאָזט גאַלאָפּ אויף די וועגן אין די אַרומיקע דערפלעך, זיך נאָכגעפרעגט ביי די פּויערים, נאָר — אין קול ואין עונה. נישטאָ רחלע. פאַרפאַלן, ווי אין וואַסער אַריין.

ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, ווי ס'האָט דאָרט אויס־געזען. דער חתן, נעבעך, וואָס האָט שוין באַוויזן אונטער דער חופה צו כאַפּן אַ בליק אויף זיין כלה, די יפת־תואר, איז איצט געבליבן ווי אָפּגעצוואָגן פון אַ רעגן. ער האָט נישט אויסגערעדט אַ וואָרט צו קיינעם, ווי ס'וואָלט ביי אים געוואָרן אָפּגענומען דאָס לשון. ער האָט געגלויבט, אַז דער שטן האָט זיך אַריינגעמישט, פאַרלייגט זיך נישט צו דער־לאָזן אים זיך מזווג זיין מיט דער כלה.

ר' דודל דער מחותן, דעם חתנס פאָטער, וואָס איז געווען גרויס ווי אַ גענעץ, מיט צוויי קליינע שטעכיקע אייגעלעך און קליינעם קעפּעלע, פון וועמענס גאָמבע ס'האָבן אַרויסגעשפּראָצט צוויי געלע שפּיצן האָר ווי אַ צייכן פון אַ באָרד, — האָט כסדר געשפּרייזט איבער דער שטוב און געמורמלט: „אוי, אַן עין־הרע, אַן עין־הרע ר"ל".

די מחותנתטע, להיפּוך צו איר מאַן — אַ יידענע מיטן קנאַק, גרויס און דיק באַלד דריי מאָל ווי איר מאַן, האָט זיך געבראָכן די הענט, און געיאָמערט: „אוי די בושה, די

בושה! כ׳וועל זיך דאָך באַגראָבן אַ לעבעדיקע!" זי האָט געיאָדעט אָן אויפהער איר מאַן ר׳ דודלען, הלמאי ער האָט זיך געלאָזט אָנרעדן פון די שדכנים און איז איינגעגאַנגען אויפן שידוך. „זיין לומדיש קעפל האָט באַדאַרפט פאַרשטיין, האָט זי געזאָגט, אַז זייערם גלייכן זענען נישט פורמאַנעס, וואָס נאָר ביי אַזעלכע קען אַזוינס טרעפן. זיכער האָבן די עלטערן געוווּסט, סאַראַ טעכטערל זיי פאַרמאָגן. מסתמא איז זי געווען פאַרקאָכט אין עפּעס דאָרט אַ ליבע אויף איר קאָפּ, דערפאַר טאַקע האָבן זיי זיך דאָס אַזוי געאײַלט מיטן אָפּשמועסן די חתונה און אונדז פאַרשאַפט די דאָזיקע צרות. וואָס טוט מען? ווי וועלן מיר אויסזען ביי מענטשן? זיי וועלן דאָך זיך רייצן מיט אונדז: „גאַנץ גוט אויפן קליי־נעם דודל — וועלן זיי אָנקוועלן. אַ רייכן מחותן האָט זיך אים פאַרוואָלט". איר מאַן האָט אַראָפּגעלאָזט זיין קליין קעפּל און פאַר אימה צוגעשאָקלט צו אַלץ, וואָס ער האָט פון איר געהערט.

ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג, ווען קלמן מיט די יונגען האָבן זיך צוריקגעקערט פון זוכן די נישט געפו־נענע כלה. אַ פאַרשעמטער און אַ דערשלאָגענער, האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. ער האָט קוים באַוויזן אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט: „מחותן"', ווי ר׳ דודל, אַן אויפ־געהעצטער פון זיין יידענע, האָט זיין גאַנצן כעס אויסגע־לאָזט צו קלמנען: „מחותן, מחותן! סאַראַ מחותן בין איך אייך"? — ער האָט זיך געוואָרפן אויף אים מיט די דאַ־רינקע הענטעלעך גלייך צו דורסן — „איכ׳ל אייך ווייזן, וואָס הייסט נעמען און מבייש זיין אַ בן־תורה! אַז מ׳האָט אַ טאָכטער אַזאַ שטיקל סחורה, פאַרדרייט מען נישט קיי־נעם דעם קאָפּ! איר פאַרשטייט?"

ס׳איז ממש געווען צו באַוווּנדערן קלמנען, קעגן ווע־מען ר׳ דודל האָט אויסגעזען ווי אַ מפּיל־קינד, טאַקע ווי

דוד קענען גליתן. מיט אײן שנעל װאָלט קלמן געקאָנט אװעק־לײגן דעם גאַנצן מחותן זײַנעם, נאָר ער האָט זיך אײַנגעהאַלטן, זיך באַהערשט, נישט געענטפערט, װי זײַן שטײַגער איז געװען, מיטן אָרטשיק, נאָר מיט אַ טיפן קרעכץ געגעבן צו פאַרשטײן, אַז מען שיט אים נאָך זאַלץ אויף די װוּנדן. ער האָט שױן נישט געװוּסט װאָס צו טראַכטן, װוּ איז פאַרט זײַן רחלע אַהינגעקומען? צי האָט זי זיך נישט, חלילה, דערטרונקען אינעם טײַך, אָדער סתם זיך ערגעץ דאָס לעבן גענומען? און פּלוצים איז אים אין זײַנע טרויעריקע מחשבות געקומען אויפן געדאַנק: פישעלע! אפשר ער? און תוך כדי דיבור האָט ער זיך האַסטיק אויפגעהויבן און — אַהין צו פישעלען מיט דער האָפענונג זי דאָרט צו טרעפן. און אויב נישט, האָט ער זיך געטראַכט, װײסט אפשר פישעלע װוּ זײַן טאָכטער געפינט זיך. ער איז אפילו גרײט אים, פישעלען, איבערצובעטן, אים צוזאָגן דאָס טעלערל פון הימל, אבי ער זאָל אים העלפן אָפּגעפינען זײַן קינד. דאָס איז געװען קלמנס לעצטע האָפענונג.

װען צו זײַן גרעסטער דערשטױנונג האָט קלמן אויך פישעלען נישט געטראָפן אין שטוב און קײנער האָט נישט געװוּסט, װוּ זײַן געבײן איז אַהינגעקומען, איז פאַר אים ערשט קלאָר געװאָרן דער גאַנצער ענין. אַז דער ימח־שמוניק האָט דאָס אויסגענוצט די סומאַטאָכע פון דער שריפה און איז אַנטלאָפן מיט רחלען.

פאַריאושט און צעבראָכן האָט ער זיך אומגעקערט אַהײם, און װענדנדיק זיך צו די מחותנים מיט טרערן אין די אויגן, זײ געבעטן, זײ זאָלן נישט טראָגן קײן כעס אויף אים, מוחל זײַן פאַר אַלעם, מחמת ס׳איז זיכער נישט זײַן שולד דערבײ. „מסתמא האָט גאָט אַזױ געװאָלט... נישט באַשערט געװען מיר צו האָבן אַן אײדעם אַ בן־תורה.״

די מחותנים, זעענדיק, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו באַ־לעמוטשען, האָבן געהייסן זייער פורמאַן איינשפּאַנען די פערד, אַלץ אויפגעלאָדן אויפן וואָגן, אויך דעם חתן, וואָס האָט, נעבעך, אויסגעזען ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא, און זענען געפאָרן אַהיים אָבל וחפוי ראש.

אין אַ צייט אַרום האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די צוויי, רחלע מיט פישעלען, האָבן געשמוגלט די גרענעץ און זענען אַוועק קיין דייטשלאַנד. און שפּעטער פון דאָרטן — קיין פּאַריז.

## אַן אויטאָמאָביל מיט פערד

ווער ס׳האָט נישט געזען די גראַטשקע אינעם שטעטל בעת די וואַלן צום סיים, האָט קיין שיינס נאָך נישט געזען. צווישן די בסך־הכל עטלעכע הונדערט יידישע משפחות, וואָס דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט, האָט זיך געפונען אַ קימא־לן פון אַ האַלב טוץ פאַרטייען פון אַלע מינים „איסטן״.

אָנגעהויבן האָט זיך די מעשה נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אַז יידן דאַרפן צוריק באַקומען ארץ ישראל, זיך מעגן דאָרט באַזעצן און ווערן אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער גלייך.

ווו נעמט מען אָבער יידן בעלנים דערויף? די דעמאָלט אומעטום אויפגעקומענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך גענומען אַרבעטן אַרום דעם בלב ובנפש.

ביי אונדז אינעם שטעטל, למשל, האָט עס געטאָן אָרן כאַמל שטאַכערס זון, וואָס איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון דער גרויסער שטאָט. דאָרט האָט ער זיך אַ סך וועגן דעם אָנגעהערט און איז געוואָרן דערפון שטאַרק איבערגענומען. ער האָט צונויפגעקליבן דאָס ביסל בחורים, געוועזענע באַנקקוועטשערס אין בית־המדרש, און סתם אַזוי יונגעליטלעך און מיידלעך, וואָס האָבן שוין געהאַט אַראָפּגעשלונגען אַ שפּאָר ביסל ביכלעך, און גענומען מיט זיי קנעלן, אויפקלערן דעם ענין. אַ בחור איז ער געווען אַ צעלייגער, אַן אויפטוער, האָט ער געדונגען ביי ישראל־יעקבן דעם בהמות־סוחר אַ לאָקאַל, געמאַכט פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן, קעסטלאָוונטן, און סתם אַזוי פאַרשידענע צונויפטרעפן און פאַרוויילונגען.

ווען דאָס איז דערגאַנגען צום גערער שטיבל, צו די „גאָטס קאָזאַקן", האָט זיך געטאָן חושך: סטייטש? ווי קאָן מען דאָס דערלאָזן צו אַזאַ זאַך, ס'זאָלן זיך פראַנק און פריי בפרהסיה צונויפקומען אין איין שטוב יונגען מיט מיידן און דאָרט פּראַווען שמד־שטיק ר"ל? אויב ס'זאָל ווייטער אַזוי גיין, קאָן נאָך דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט פונעם שטעטל חלילה זיין אין סכנה... וואָס אָן אמת, האָבן טאַקע שוין דערמיט זיך גענומען פאַסמאַקעווען אַ טייל פּו־נעם עלטערן דור אויך. עפּעס אַ קליייניקייט, צו באַזעצן זיך אינעם הייליקן לאַנד, עסן בשפע באַקסערן, פייגן, טייטלען, פּאָמעראַנצן, און וואָס נישט? טאַקע ווי אין פּסוק שטייט: „זבת חלב ודבש". יידן האָבן שוין געפילט דעם טעם פונעם האָניק, וואָס רינט זיי גלייך אינעם מויל אַריין, זיך שוין געזען זיצן יעדער אונטער זיין פייגנבוים און עסן פון אים וויפל דאָס האַרץ גלוסט. זענען זיי דעריבער שטאַרק נתפּעל געוואָרן דערפון און האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם מיטביידע הענט. דאָס האָט ווייט נישט געשמעקט די גע־רער חסידים. האָבן זיי באַלד געמאַכט אַן אסיפה און גע־נומען זיך חקרענען און קליגן אויף צו געפינען אַ מיטל איינצו־האַלטן די מגיפה, וואָס האָט זיך צעשפּרייט איבערן שטעטל.

פייוול איטשעלעס, וואָס גרויס איז ער געווען ווי דער „טל ומטר", מיט שטעכיקע אויגעלעך און מיט אַ צוויי־שפּיציק בערדל ווי ביי אַ ציג, האָט מרעיש עולם געווען, גענומען זיך היצן, אַז מען מוז אַלץ טאָן נישט צו דערלאָזן טריף מאַכן דאָס שטעטל דורך די פּושעים, וואָס האָבן קיין געדולד נישט צו וואַרטן אויף ביאת המשיח. נאָך אַ לענגערן שקלא וטריא איז געבליבן קודם כל דאָס מזכיר־זיין אין גער ביים רבין זאָל לעבן. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, און די חברה זענען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייערע „מע־שים טובים", האָט מען געפּרוּווט פועלן ביי מלכות. נאָר

אויך דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, מחמת ס'איז געווען דערלויבט פונעם סטאַראָסטע אַליין, וואָס איז גאָרנישט געווען אַזוי שטאַרק איבערגעפירט, אַז אַביסל זשידקעס זאָלן פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. איז מען דאָך צוגעוווינט געווען ביי יעדער געלעגנהייט צו הערן: „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני"! האָבן די חסידים זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה, ווי צו שאַפן אַן אייגענע חברה פון פרומע און מיט ה"י הילף פאַרלעשן די שריפה, וואָס האַלט זיך אין צעפלאַקערן.

צו דעם צוועק איז פּייוול איטשעלעס פאַרפאָרן אַזש קיין וואַרשע אַראָפּצוברענגען אויף אַ דרשה אין שטעטל דעם סאַמאַראָדנעם רעדאַקטאָר פון „דער ייד", רב צדוק. מען האָט געגלויבט, אַז יענער וועט שוין באַווייזן אַוועק־צולייגן אויף די לאָפּאַטקעס די חברה ציוניסטלעך.

ויהי היום, אין אַ שבת, נאָכן טשאָלנט, האָט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל געשטראָמט אין שול אַריין הערן די דרשה פונעם וואַרשעווער מגיד. ס'זענען, פאַרשטייט זיך, אויך געקומען די ציוניסטלעך. און ווען ס'איז זיי עפּעס נישט געווען צום האַרצן, האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז, געמאַכט צווישנרופן, און אָפטמאָל געשטערט דעם רעדנער. ר' צדוק ווידער האָט געוואָלט באַווייזן זיין תקיפות און אויך זיין באַרימטקייט אין וואַרשע, האָט ער זיך אויס־געדריקט, אַז אַלע האָבן פאַר אים דרך־ארץ, אפילו די סטרוזשקעס פון הויז קענען אים און ווייסן אים ווי צו שעצן! נו, נו, מער האָט אים שוין נישט געפעלט. אַ האָגל פון געשרייען, פאַרבראָקט מיט הילכיקן געלעכטער, האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף זיין קאָפּ: „מ'ווייסט! מ'ווייסט, אַז די סטרוזשקעס קענען אייך גוט! ווייל נישט איין מאָל שטאַט איר אָפּ ביי זיי וויזיטן"... און נאָך ענלעכע שטעכ־

ווערטלעך אויף זיין אַדרעס. ר׳ צדוק, נעבעך, איז געבליבן ווי געפּלעפּט, נישט געקענט מער צוריקכאַפּן און איינשטילן דעם עולם. ס׳איז געוואָרן אַזאַ געפּילדער, אַז ער האָט שוין מער נישט געקאָנט ממשיך זיין מיט דער דרשה.

ווי ס׳האָט דאָס דערזען ישראל־עליע שלום אייזנ־ הענדלערס איידעם, נישט קיין קליינער בטלן, וואָס מער ווי זיך צו טובלען אַ צען מאָל אין טאָג אין מיקווה איז ער נישט פעאיק געווען, האָט ער זיך אַ צי אויס געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע און גענומען שרייען, געוואַלדעווען, מען זאָל אים צעטרעטן. דער עולם האָט אים אָנגעקוקט ווי אַ חסר־ דעה און געפרעגט צו וואָס ער דאַרף עס האָבן? נאָר יענער האָט זיך צעשריגן נאָך העכער ווי פריער: „איך וויל דאָ געהרגעט ווערן אויף קידוש השם! מ׳קאָן דאָך מיר נישט שטערן... ס׳איז שוין סיי ווי משיחס צייטן... אַז מ׳האָט אַזעלכעס דערלעבט״. ער וואָלט טאַקע אויף אַן אמת צע־ קוועטשט געוואָרן פון דער שטופּעניש, אַ נס, וואָס ס׳האָט דאָס דערזען זיין שכן אפרים גזלן, אים אַ נעם געטאָן אויף די אַקסלען ווי אַ זעקל קאַרטאָפל און אַוועקגעטראָגן צו זיין ווייב גליקע אין שפּייזקרעמל. יענע האָט שוין געהאַט אַ גוט אויסגעפּרוווט מיטל אין אַזעלכע פאַלן אים צו באַרואיקן. זי פלעגט אים דערלאַנגען אַ קניפּ, וואָס איז אים פאַרגאַנגען ביז אין דער זיבעטער ריפּ.

מער ווי איינער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווער ס׳האָט אפרימען צוגעטשעפּעט דעם צונאָמען גזלן, אַז בסך־הכל האָט ער נאָך קיינעם קיין קלאַפּ אפילו נישט גע־ געבן? אמת טאַקע, אַז ער איז געווען אַ גיבור מיט אַ פּאָר גראָבע שוואַרצע וואָנצעס, אָן אַ באָרד כמו פּילסודסקי, האָט ליב געהאַט צו מאַכן אַן אָפּטן לחיים, וואָס זיין מסחר האָט עס געפאָדערט, ווייל געווען איז ער אַ פערד־סוחר,

און נאָך יעדן געשעפטל האָט מען אויף מזל וועגן אַראָפּגע־לאָזט אַ פּאָר פלעשלעך אָקעוויט. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו זיין אַ נאַש־בראַט מיט יעדן. און פון אַ פינפּרובלשטיק אויף אַ דבר־טוב האָט ער זיך נישט אָפּגע־זאָגט. ווי ס׳זאָל נישט זיין — דעם ישראל־עליען האָט ער דעמאָלט קיין גרויסע טובה נישט געטאָן, מיטן אַהיימברענ־גען אים צו זיין ווייב גליקע. מחמת אויף צומאָרגנס האָט מען ישראל־עליען געזען מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, אַ צעדראַפּעט פּנים מיט פלעקן. דאָס האָט אים זיין גליקע מיט דעם מכבד געווען.

וועגן אָט דעם ישראל־עליען מיט זיין גליקען פלעגט אונדזער רב זיך אויסדריקן בדרך הלצה, אַז פּאַר אים פּאַסט זיך די קללה פון דער תורה: „ארור שוכב עם בהמה״. מחמת שיין איז זי געווען ווי אַ שד, תמיד איז זי אַרומגע־גאַנגען פאַרקאָפּטשעט, פאַרסמאַליעט, דאָס שייטל צע־שויבערט, אין מויל — פיר ציין, ווי אַן איבערבלייבעניש, מיט אַ פּאָר שוואַרצע וואָנצעס ווי אַ מאַנצפּאַרשוין, ממש אַ מכשפה. צופיל בעלנים עפּעס צו קויפן ביי איר אינעם שפּייזקרעמל, האָט זי נישט געהאַט, מחמת וואָס מען האָט נישט געפלעגט ביי איר קויפן, צי זאָל דאָס האָבן געווען אַ הערינג, צוקער, צי גאָר ציבעלעס, האָט זיך אין אַלעם און אַלץ געפילט דער ריח פון נאַפט, אָדער פון שיטערע זייף. ווידער די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן צ׳ליב איר „הדרת־פּנים״ אויך נישט אַריינגעשמעקט צו איר אין געוועלבל. זיי זענען בעסער געגאַנגען איינקויפן צו בלימע חיה שרהקעס, ווו זיי האָבן אין איינוועגס אויך געקאָנט כאַפּן אַ בליק אויף אירע שיינע מיידן. האָט טאַקע גליקע מיט ניסים אויפגעהאַלטן דאָס „געשעפט״.

אפשר דערפאַר טאַקע האָט זי איר גאַנצן כעס אויס־

געלאָזט צו ישראל-עליען, ממש געוואָלט אים דורסן, ער זאָל זיך אויפהערן מישן אין קהלשע געשעפטן.

אינגאַנצן אומגערעכט איז זי, כ'לעבן, אויך נישט געווען. ווייל ס'האָט זעלטן געטראָפן, אַז ווו צוויי — זאָל ער נישט זיין דער דריטער. אפילו אויף אַ פאַרזאַמלונג פאַר די סיים-וואַלן, וואָס די ציוניסטן האָבן אויסגעפועלט אָפּ-צוהאַלטן אינעם בית-המדרש, האָט ער אינמיטן דערינען, ווי איינער פאַלט פון בוידעם אַראָפּ, געגעבן אַ געשריי: „יידן, שטימט פאַר דער ליסטע נומער פינף! ס'איז כנגד די חמשה חומשי תורה". ער האָט אַזוי געשטערט דאָס רעדן, אַז מען האָט אים גאָר פשוט אַרויסגעוואָרפן. וואָס שייך דער פאַרזאַמלונג, איז זי ווייטער אָנגעגאַנגען, די הויפּטרעדנער זענען דעמאָלט געווען דוד ערלעכס איידעם, יאָסל, מיט זיין זון אברהם משה. דער זון האָט זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן דער פאָטער זאָל ענדיקן, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו אים: „אַנטשולדיק, טאַטע, איך גיי רעדן". נו, פאַר לצים איז דאָס באַלד געוואָרן אַן ענין זיך צו וויצלען מיטן אויסדרוק „אַנטשולדיק, טאַטע". אַזאַ וואָרט האָט מען זעלטן געהערט, דערצו נאָך, מען זאָל עס זאָגן צו אַן אייגענעם טאַטן!

אברהם משה איז געווען אַ גאַנץ אויפגעקלערטער בחור, נישט קיין שלעכטער רעדנער, געקאָנט אויסטייטשן די דעמאָלטדיקע ענינים. ער האָט אָבער ווי צוויי טראָפּנס וואַסער אויסגעזען ווי פּעפּערל ביי „טוביה דער מילכיקער". אַ קליינס, אַ שוואַרצס, אַ דאַרס, און אַ מיילעכל — פּייער פלאַם. גערעדט האָט ער מיט אַ שפּיציק קולעכל ווי אַ יונג הענדל, וואָס הייבט נאָר וואָס אָן צו קרייען, און דאָס טאַקע האָט געקיצלט די צוהערער צום לאַכן. אַחוץ אין קהלשע זאַכן איז ער נישט געווען קיין וואַזשנע לייט. קיין מוטער,

וואָס זאָל זיך מיט אים פאַרנעמען, האָט ער שוין נישט גע־
האַט, איז ער דעריבער אַרומגעגאַנגען שטאַרק אָפּגעלאָזן.
אפילו שפּעטער, ווען ער האָט זיך שוין דאָראָביעט צו ווערן
אַ שותף צו יאַנקל שלומהס אויטאָ, איז ביי אים תמיד געווען
דאָס אויבערהעמד שמוציק.

צום עסק פון אויטאָמאָביל איז אברהם־משה געקומען צוליב ווילטשינסקים זון באָלעק, וואָס איז נאָר וואָס צו־ריקגעקומען פונעם מיליטער, ווו ער איז געווען אַ שאָ־פער, געפירט עפּעס אַ וואָגן. ער האָט געוואָלט ווייטער אָנגיין מיט דעם פאַך, איז וואָס־זשע טוט מען? אויף צו קויפן אַן אויטאָמאָביל דאַרף מען דאָך האָבן געלט, און דאָס האָט ער, לא עליכם, נישט געהאַט. איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה, איינצורעדן די צוויי באַלעגאָלעס, יאַנקל שלומס און הערשל שעפּס, וואָס כדי צו פירן זייערע פאַרשוינען קיין לאַסק צו דער באַן, האָבן זיי געמוזט אויפשטיין יעדן טאָג אַזייגער פינף באַגינען, אָלעמען גיין אויפוועקן, און זיי אָוועקפירן אויף די רעסאָרעס — זיי זאָלן קויפן עפּעס אַן אויטאָמאָביל, מעג אפילו זיין אַן אַלטער, און ער וועט אים ברענגען אין אָרדענונג, אים אויסלאַדעווען, און כהרף עין צופירן די פאַרשוינען צו דער באַן, און אַן עק מיט דעם מאַטערן זיך, פאַרפרוירן ווערן פון קעלט, נאַס ווערן פונעם רעגן, פאַרברענט ווערן פון דער זון, מיט איין וואָרט: פאַרדינען דעם גראָשן במנוחה.

די באַלעגאָלעס האָבן זיך דערצו צוגעכאַפּט מיט ביידע הענט. געזען דערין נישט אַנדערש ווי אַ ישועה פון גאָט. און דעריבער נישט לאַנג געטראַכט, געפאָרן מיט באָלעקן קיין לאָדזש, איינגעהאַנדלט דאָרט עפּעס אַן אַלטן לאַסט־וואָגן, וואָס האָט נאָך געשטאַמט פון מלך סאָביעסקים צייטן, באַשטעלט וואָלף טישלער, ער זאָל מאַכן די בויד, און באָלעק האָט זיך אָנגעגורט און גענומען צו דער מלאכה.

וואָס איז דאָ לאַנג צו ברייען? ס׳איז אַוועק אַ וואָך, צוויי, דריי, ס׳האָט געדויערט שיינע חדשים — און אונ־דזער באַלעק גייט אַלץ אַרום פאַרסמאַליעט פון קאָפּ ביז פיס, רייכערט אויס אָן אַ שיער פּאַפּיראָסן, און דעם אוי־טאָמאָביל פּאַרטיק צום פאָרן זעט מען נאָך אַלץ נישט. ביז איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך פאָרט דערהערט דאָס טרומייטערן פון באַלעקס מאַשין מיט אַ קול ווי פון שור הבור, ער האָט געגעבן אַ סיגנאַל, ווי דער שופר של משיח וואָלט אָנגעזאָגט, אַז די הילף איז שוין געקומען. דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צונויפגעלאָפן, ווי אויף אַ בייז ווונדער, אָנקוקן דעם וואָגן, וואָס פאָרט אַליין אָן פערד. וואַ־וואַ! האָט מען זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן. און יעדער האָט זיך געוווּנטשן צו האָבן די זכיה אַמאָל צו קאָנען אין אים מאַכן אַ רייזע.

די באַלעגאָלעס יאַנקל שלומס און הערשל שעפּס האָבן זיך געגרויסט מיט זייער אויפטו, געשעפּט נחת, ווי אַזוי מענטשן קוועלן אָן פון דער וווּנדער־צאַצקע און אויס־גערופן בקול רם, אַז באַלד וועט מען אָפּפאָרן אין אַ מזל־דיקער מינוט צו דער באַן.

וכך הוה, אונדזער באַלעק האָט באַלד באַוויזן וואָס ער קאָן, געגעבן אַ לאָז די מאַשין, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ רויך, ווי ביי אַ שריפה, און פאַרפעסטעט מיט דעם ריח פון נאַפט דאָס גאַנצע שטעטל, אָבער ווי נאָר ער איז אָפּגעפאָרן עטלעכע וויאָרסט — דער אויטאָ שטייט שוין, ער האָט קיין חשק נישט ווייטער צו פאָרן. ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס שוויצן פונעם שאָפער, דאָס דרייען אַהין, דרייען אַהער — מיינער רירט זיך נישט פונעם אָרט.

בקיצור, מ׳האָט געדונגען עטלעכע פאָר פערד, און זיי איינגעשפּאַנט אינעם אויטאָמאָביל. די באַלעגאָלעס מיט

דער בייטש און באַלעק מיטן רעדל — אַזוי האָט מען צוריקגעשלעפּט די כּלי מיט די פאַרשווינען אינעם שטעטל אַריין.

ס׳איז זיך לייכט פאַרצושטעלן דאָס בילד, ווען דער עולם האָט דערזען דעם „חברה־מאַן” צוריק איינגעשפּאַנט אין פערד. קונדסים האָבן געקייכט פאַר געלעכטער. עלטערע מענטשן האָבן זיך געריבן די הענט פון נקמה. גוט אַזוי! האָבן זיי געטענהט. אַ וואָגן אָן פערד האָט זיך זיי פאַר־וואָלט, זיי ווילן איבעראַנדערשן אַ וועלט! פּייוול כּלי־זמר, וואָס איז דעם טאָג געווען באַשטעלט מיט זיין קאַפּעליע אויף אַ חתונה אינעם דערבייאיקן שטעטל זעליוו, האָט געקערט אַ וועלט, געליאַרעמט, געטומלט אויף כּלי־זמר לשון, וואָס קיינער אַחוץ דעם בדחן מיט די כּלי־זמרים האָט נישט פאַרשטאַנען: „ס׳איז נעסקים געטערעט היזק צו האָבן די באַלאַניאָקס רישכעם אויף דער סטראַשי! די יאָלדאָוועקעס פון באַסאַס און סלאַקל האָט ער געטאָקט פאַר האַנט־באַש דעם זייגער, אַז ער וועט מיט די לאַבעשניקעס און סידאַלניק קומען לאַבערן אויף דער סטראַשי. איצט אויס סטראַשי, אויס באַש, אויס זייגער, מען דאַרף דאָך קנאַסן, אַז ס׳איז נעסקים קליף כּילן צופוס!” געוואָלט האָט ער דערמיט זאָגן, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו רעדן ער זאָל היזק האָבן די פּאָר גילדן פאַרדינסט אויף דער חתונה. די מחו־תנתטעם פון חתן־כּלה האָט ער געגעבן האַנט־געלט דעם זייגער, אַז ער זאָל מיט די כּלי־זמרים און בדחן קומען שפּילן אויף דער חתונה. איצט — אויס חתונה, אויס געלט, אויס זייגער, מען דאַרף דאָך פאַרשטיין, אַז מען קאָן נישט גיין צופוס!

כּיל־בלימע חיה־שרהקעס האָט געמוזט פאָרן פון אור־לוּיב צוריק אין מיליטער, ווו ער האָט זיך שוין אַרויפגע־אַרבעט אויף דער ראַנג פון אַן אַדיוטאַנט ביים ראָטנע

קאָמאַנדיר, אַ כלב שבכלבים. פאַר בילע וואָס דערלאַנגט ער קאַרנע טשוויטשעניעס, אַז מען פלעגט זיך זען מיט דער עלטער־באָבע, און בלויז אים, כיל־בלימע חיה־שרהקעס הייסט עס, האָט ער נישט געטשעפעט, אים אפילו גערן געהאַט. פאַרשטייט מען דאָך, ווי כיל־בלימעס האָט זיך איצט געריסן דעם יאַשטשיק, געווײנט מיט ביטערע טרערן, ס'האָט אַזש געשניטן ס'הארץ, אַז ער איז נישט זיכער מיטן לעבן צוריקצוקומען אין פולק אַריין אַ פאַרשפעטיק־טער. ראשית, מורד במלכות. והשנית, טאַקע זיין פאָרוטש־ניק אויך, וואָס קאָן זיך נישט אָן אים באַגיין אַ מינוט. „כילעק גיי אהין, כילעק גיי אַהער, גיב דאָס, גיב יענץ". פשוט, שוין צוגעווױנט צו אים ווי, להבדיל, צום הונט. וועט ער דאָך אים פאַר אָט דעם נישט פינקטלעכן צוריקקומען ווייזן וואָס ער קאָן, און דאָ איז ער געבליבן איינגעזייפט!

אַ חברה יונגעלייטלעך, וואָס האָבן יענעם טאָג גראָד באַדאַרפן שטיין צום פריזיוו ביי דער לאַסקער פאָוויאַטאָווע קאָמיסיע, זענען אַרומגעגאַנגען צעטומלט, ממש ווי אָן קעפּ. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? האָבן זיי אין פחד געפרעגט. די מעשה מיט באַלעקס ווונדער־כלי וועט פאַר דער קאָ־מיסיע זיין אַ קנאַפּער תירוץ. דערצו האָט מען זיך וואָכן־לאַנג באַדאַרפט „מאָרזשען", נישט עסן, נישט טרינקען, נישט שלאָפן, וואָס מער אָפּמאָגערן, כדי אַזוי אַרום געהאָלפן צו ווערן און נישט צו גיין דינען אינעם מיליטער. קוים מיט די לעצטע כוחות זיך שוין דערשלעפּט צום טאָג פון דער קאָמיסיע, איז נאַדיר, ווערט פון דעם גאָרנישט.

אַ מיידל, וואָס איז געווען באַשטימט דעם טאָג אויף אַ זעעכיץ מיט אַ בחור, וועלכער קומט ספּעציעל פון קאַליש און וועט וואַרטן אויף איר אין דישקינס וווּרשטן־געשעפט — האָט זיך ממש געריסן די האָר פון קאָפּ, געשריגן צו די באַ־

לעגאָלעס, אַז פּונקט אין דעם טאָג האָבן זיי איינגעשפּאַנט זייער נייע כלי און אַ תל געמאַכט צו איר „זעעכץ" מיטן חתן. אַ יידענע, שוין אין די הויכע חדשים, האָט פון דער גראַטשקע פלוצים באַקומען ווייען, און דערווייל געבוירן דאָס קינד פאַר דער צייט.

מען האָט געפּרוּווט נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל און אַלץ דאָס זעלביקע. ס'רירט זיך נישט פון אָרט. ביז יאַנקל שלומס און הערשל שעפּס האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה נאָר, במחילה, צוריק איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן, און — אויס כלה, ווידער מויד. צעפלויגן אַלע פאַנטאַזיעס, צערונען אַלע גליקן. זיי האָבן זיך געיאַדעט, נישט געקאָנט זיך שענקען, הלמאי זיי האָבן זיך געלאָזט אָנרעדן פון באַלעקן, דעם היץ-קאָפּ, און געפּטרט צייט, געלט, כוח. היינט די בושה? מען קאָן דאָך קיינעם נישט קוקן אין די אויגן. און אָט איז געקומען צו לויפן דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט מיט אַ געוואַלד: ער וויל פון גאָרנישט וויסן. יאָ אויטאָמאָביל, נישט אויטאָמאָביל — די פּאָסט טאָר נישט בלייבן פאַרהאַלטן אינעם שטעטל. פּאָסט איז אַ מלוכה-זאַך, און מיט מלוכה שפּילט מען זיך נישט! די פּאָסט מוז אַוועק! און אַז אַ נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט זאָגט, איז געזאָגט.



דעם אַ נאַטשאַלניק האָט מען טאַקע געהאַט צו פאַרדאַנקען צו הערן דעם ערשטן מאָל ראַדיאָ אינעם שטעטל.

געווען איז עס אין די צוואַנציקער יאָרן. מיין עלטערער ברודער לייב, וואָס איז געווען מיט דעם נאַטשאַלניק אַ גאַנצער שני שבשלישי, האָט אָפט פאַרברענגט צוזאַמען מיט אים, האָט זיך דער ערשטער וועגן דעם דערוווּסט: ביי איינעם אַ שמועס האָט אים דער נאַטשאַלניק דערציילט,

אַז ער גרייט זיך אויסצואַרבעטן אַ מין ראַדיאָ, וואָס אַ סך מענטשן קאָנען אים הערן אינאיינעם. נישט אַזוי ווי מען האָט שוין דעמאָלט געקאָנט זען און הערן אין דער גרוי־סער שטאָט אין די קאַפע־הייזער דורך אַפּאַראַטן אָנגעטוענע אויף די אויערן. ער האָט שוין, האָט ער געזאָגט, די אַלע נויטיקע כלים און ביכער מיט אָנווייזונגען דערצו. ווי נאָר ער וועט אים האָבן צונויפגעשטעלט, וועט ער אים פאַר־קויפן. מיין ברודער איז באַלד צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער וויל אים קויפן און זיין דער ערשטער אויף צו האָבן אַזאַ מין כלי.

מילא, ווי ס׳האָט אויסגעזען דאָס בילד אין שטוב, ווען דער נאַטשאַלניק האָט ביי אונדז אויפגעשטעלט דעם ראַדיאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קאַסטן מיט באַטעריעס און אַן אַקומולאַטאָר, אָנגעלאָדנט מיט אַזאַ מין עלעקטרישן שטראָם פון לאָמען נחמנס עלעקטראָווניע, און אַ גלאָשניק אויפ־געהאָנגען אויף דער וואַנט, וואָס האָט געלאָזט אויף אַן אמת אַלעמען הערן — קאָן מען זיך עם היינטיקע צייטן נישט מער פאָרשטעלן. קיינער האָט נישט געקענט משיג זיין, וואָס דאָ קומט אַזעלכעס פאָר, ממש נישט געגלויבט די אייגענע אויערן: זיצן אין שטוב און הערן אַזש פון טויזנט מייל ווייט און אפשר נאָך מער רעדן און אפילו זינגען און שפּילן. און דאָס אָן שום טעלעפאָן אָדער עלעקטרישע דראָטן. באַלד האָט זיך צעטראָגן איבערן שטעטל, אַז ס׳איז ביי אונדז פאַראַן עפּעס אַזאַ מין שפּילקעסטל, פון וועלכן מען הערט רעדן און וועך ווייסט פון ווי ווייט, אַלע האָבן זיך גענומען גרייטן עס צו גיין זען. ס׳האָט זיך געטאָן מעשים! נאָך מנחה־מעריב פלעגט דאָס גאַנצע געסל, ווו מיר האָבן גע־וווינט, זיין באַלאַגערט פון כמעט אַלע איינוווינער פונעם שטעטל. מען פלעגט שטיין קאָפּ אויף קאָפּ ביי אונדזער פענצטער און הערן, וואָס ס׳טוט זיך אין וואַרשע, אין

קראָקע, אפילו אין אויסלאַנד. מיין ברודער איז געווען זייער צופרידן, וואָס דער עולם ווערט אַזוי שטאַרק נתפּעל דערפֿון, האָט ער דעם הויכרעדער אַרויסגעשטעלט אינעם אָפֿענעם פֿענצטער, כדי יידן זאָלן נאָך מער הנאה האָבן. אַלע ווײַלע פֿלעגט ער אַ דריי געבן ביים קנעפּל און באַקו־מען אַן אַנדערע סטאַציע. אַז דער עולם האָט דערהערט רעדן דייטש, און דאָס נאָך פֿון סאַמע בערלין, זענען אַלע פּשוט געוואָרן נבהל ונשתומם. יחיאל משה באַרטיקס האָט גענומען שרייען, אַז נישט אַנדערש, נאָר ס׳איז שוין משיחס צייטן. נחום כאַבעלאָק איז גאָר געפֿאַלן אויף אַ המצאה צו בעטן מיין ברודער, ער זאָל אים דערלויבן צו כאַפּן אַ שמועס מיט זיין זעליקן, וואָס איז אַנטלאָפֿן טאַקע קיין בערלין שוין שיינע חדשים און גיט נישט פֿון זיך קיין סימן פֿון לעבן. איז ווי באַלד מען הערט אין סטערצעוו וואָס ס׳טוט זיך אין בערלין, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז אין בערלין זאָל מען הערן וואָס עס טוט זיך אין סטערצעוו, וואָלט ער אים דעריבער געוואָלט אַריינזאָגן אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין, דעם שייגעץ, דעם לאָבוס, וואָס ער איז. פֿאַרוואָס איז ער אַנטלאָפֿן פֿון טאַטע־מאַמע פּונקט פֿאַר פּסח? ווער וועט מיר אויספּאַרטיקן די אַרבעט אויף יום־טוב, ווער? ס׳האָט גענומען שיינע מינוטן מיין ברודער אויפֿצוקלערן נחום כאַבעלאָק און אויך אַנדערע, וואָס האָבן זיך אָנגע־כאַפּט אין זיין פּלאַן, אַז דערווייל איז מען אין סטערצעוו נאָך נישט דערגאַנגען דערצו צו קאָנען אַריינרעדן אין דעם קעסטל, און מען זאָל הערן אין בערלין, ס׳איז שוין גאַנץ גענוג שיין דאָס פֿאַרקערטע. דאָס האָט נחומען, נעבעך, שטאַרק אַנטוישט.

כ׳וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן מיט וואָסער התלהבות דער עולם האָט זיך צוגעהערט, וואָס ס׳קומט פֿאָר אין דער וועלט. נישט פֿאַרגונען זיך אַ וואָרט אויסצורעדן. געווען

פאַלן, ווען קיינעם האָט אפילו נישט געאַרט, ווי ס'האָט אינמיטן דערינען זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שלאַקס־רעגן און אַלעמען אויסגעצוואָגן. עטלעכע האָבן די כאַלאַטלעך פאַר־צויגן איבערן קאָפּ, אַ סך אַנדערע אפילו דאָס אויך נישט, נאָר געשטאַנען פאַרגאַפּט און זיך צוגעהערט, ווי, להבדיל, יום־כפור אין שול צום חזנס דאַווענען. איז דעריבער גאָר קיין ווּנדער נישט, וואָס דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט, וועלכער האָט אונדז געמאַכט דעם ראַדיאָ, האָט דערפאַר באַקומען אינעם שטעטל אַ באַזונדערן אָנזען. מען קאָן דעריבער פאַרשטיין ווי די באַלעגאָלעס האָבן זיך איבערגענו־מען, ווען ער האָט גענומען שרייען וועגן דער פּאָסט, אַז זי מוז נאָך היינט, דעם זעלביקן טאָג, אַוועק צו דער באַן.



ביסלעכווייז האָט דאָס שטעטל דעם עסק מיט באָלעקן און זיין שברי־כלי כמעט ווי פאַרגעסן. באָלעק דער שאָפער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „שופר", איז פאַר חרפּה אַוועק פונעם שטעטל, געפּרוּווט מזל אַנדערש־ווּ. זיין „תכשיט", דער וואָגן הייסט עס, איז געשטאַנען אויפן הויף פאַררוקט ערגעץ אין אַ ווינקל ווי אַן אָפּגעשלאָגענע כפּרה און געדינט צו שפּילן זיך אין אים פאַר קינדער. ביז אין עסק האָט זיך אַריינגעלייגט אברהם־משה יאָסל ערלעכס, וועלכער האָט ביז דעמאָלט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין לאָדזש, און זיך אַ סך אָנגעזען און באַוווּנדערט אַ שפּאַר ביסל מינים אויטאָבוסן, וואָס פירן מענטשן אהין און צוריק אָן אויפהער. הייסט עס דאָך, האָט ער זיך געטראַכט, אַז ס'איז פאָרט עפּעס אַזעלכעס פאַראַנען... און נישט אַלע הייסן באָלעק שופר... הכלל ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגן, צי פאַר טשיקאַוועס, צי געמיינט טאַקע די זאַך ערנסט, ווּ אַ שטייגער מען קאָן באַקומען אַזאַ סגאל אויטאָמאָביל, וואָס זאָל דווקא יאָ גיין.

נאָך אַ לענגערער חקירה ודרישה איז ער דערגאַנגען צו דער פירמע „פיאַט“, דאָרט גענומען זיך נאָכפרעגן, און לסוף פֿאַרפֿאָרן אינעם שטעטל אַרײַן מיט אַ פֿאַרטיקן פּלאַן, צו קויפֿן אַ נײַע מאַשין, צו נעמען אַ שאָפֿער אַ מומחה, נישט ווי באָלעק שופר, און ס׳וועט אַוועק אַ גאַנג.

ווען אברהם משה האָט פֿאָרגעשלאָגן די באַלעגאָלעס יאַנקל שלומס און הערשל שעפּס זײַן פֿריש געבאַקענעם פּלאַן, האָבן זיי אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, גלײַך אים אײַנצושלינגען; געוואָלט כאַפּן די בײַטש, ווי צו אײַנעם, וואָס קומט ווידער ברענגען אַן אומגליק אין זייער שטוב אַרײַן. ס׳איז זיי, כלעבן, נאָך געלעגן דער טעם אין מויל פֿון יענעם עסק מיט באָלעק שופר, און דאָ נאַדיר ווידער אַ פֿריש אָנשיקעניש. היות אָבער ווי אברהם משה יאָסל ערלעכס האָט מיט זײַן שפּיציק קולעכל געקאָנט איבער־רעדן אַ וואַנט, האָבן זיי פֿאַוואָלינקע זיך דאָך גענומען צו־הערן צו זײַנע פּלענער, און ביסלעכווײַז מסכים געווען אויפֿן מסחר, צוזאַמענגעקראַצט דאָס לעצטע ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט, צוגענומען נאָך אַ פּאָר שותפֿים, הענעך און גדליה איטשע חיימס. די לעצטע האָבן דאָס באַדאַרפֿן סילוקן דעם באַטרעף פֿון דער ערשטער קאָנטע אין דער פֿירמע און אַזוי אַרום איז דער „שידוך“ מיט מזל צושטאַנד געקומען.

וואָלט דאָך אַלץ געווען ווויל און פֿײַן, שוין פֿאַראַן ב״ה אַ שפּאָגל נײַער אויטאָמאָביל, אַ שאָפֿער וואָס קען גוט די מלאכה, די פֿאַרשווינען זענען געווען גאָר וואַזשנע צופֿרידן פֿון די גיכע רײַזעס. ס׳האָט געקאָסט, וואָס אַן אמת, טאַקע טײַערער ווי מיטן פֿערד און וועגעלע, פֿלעגן זיי זאָגן, ס׳איז אָבער ווערט. איז אָבער די צרה וואָס ס׳איז פֿאַראַן אויף דער וועלט אַ ביטערער טראָפּ, צו וועלכן שאָפֿערן זענען גאָרנישט גלײַכגילטיק... אַ פּשיטא אונדזערער, וואָס אַחוץ

דעם וואָס ער האָט שוין אַזוי אויך באַקומען אַ גאַנץ לייטישן שכר-טירחה, וועלכער האָט געקאָנט, כ׳לעבן, סטייען פאַר אַ האַלב טוץ יידישע משפחות אויף פּרנסה, האָט זיך נאָך יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק געהייסן געבן אַ הוספה, אויב נישט איז „ניע פּאַיאַדע”, פּאָרט ער נישט. היות ווי מען איז געווען אָנגעוויזן אויף אים, דאָס גאַנצע געשעפט איז דאָך געלעגן אין זיינע הענט מיטן רעדל, האָט ער טאַקע זיך נישט געזשאַלעוועט אויף בראָנפן, און כמעט שטענדיק געווען אונטערן גלעזל.

מאַכט זיך אַ מעשה, געווען איז דאָס פּרייטיק נאָך מיטאָג, שוין אַהיימפאָרנדיק צוריק אינעם שטעטל, האָט עפּעס אויפן וועג מיט אַ מאָל די מאַשין גענומען קרעכצן ווי גאָרנישט אין איר נאַטור, און אַרויסגעגעבן פון זיך משונהדיקע קולות. וואָס קאָן דאָס זיין פּלוצים אינמיטן דערינען ? האָבן זיך אַלע גענומען דערשראָקן פרעגן. אונדזער בגילופינדיקער שאָפער שטעלט אָפּ די מאַשין און נעמט חוקר ודורש זיין. ס׳גייט אַוועק אַ שפּאָר שטיקל צייט, ס׳נעמט שוין צופאַלן די נאַכט און דער עולם, מייסטנס יידן, שטעקן נאָך אַלץ אינעם וועג. ס׳ווערט אַ טומל, אַ ליאַרעם, אַ גערודער, חילול שבת ר״ל. הכלל, דער שאָפער האָט הענדום פּענדום עפּעס דאָרט פאַרלאַטעט און מען איז ווייטער געפאָרן. ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. דער שאָפער, נישט אינגאַנצן ניכטער און נאָך דערצו צעטומלט פונעם געפּילדער פון די יידישע פאַרשוינען, האָט אין גרוים איילעניש פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט פונעם רעדל, און איז פאַרפאָרן אין פעלד אַריין, שיער נישט אַרויף אויף אַ בוים. די בהלה, וואָס איז דאָרט אַנטשטאַנען, איז זיך לייכט משער צו זיין, דער עולם האָט זיך קוים מיטן לעבן אַרויסגעדראַפּעט פונעם אויטאָמאָביל, וועמענס רעדער זענען געוואָרן האַלב פאַרזונקען אין דער צעאַקערטער ערד,

און אַ גרויסער טייל פֿאַרשווּנדן, מיין פֿאָטער בתוכם, האָבן גענומען שפּאַנען צופֿוס אינעם שטעטל, וווּהין זיי זענען אָנגעקומען שוין אַ שטיק אין שבת אַריין.

אויף צומאָרגנס נאָך קריאת התורה האָט יעדער, פֿאַרשטייט זיך, געבענטשט גומל און זיך פֿאַרזאָגט אין לעבן מער נישט אַריבערצוטרעטן די שוועל פֿונעם אויטאָמאָביל מיט דעם שיכורן שאָפֿער.

פֿאַר מיין פֿרומען פֿאָטער איז עס דעמאָלט געווען אַ טאָ־פּעלער פֿאַרשטערטער שבת. ראשית, דאָס מאַכן אַ שפּאַרן שטאָך אין שבת אַריין, גיין צופֿוס שיינע עטלעכע וויאָרסט, אַהיימקומען שטאַרק פֿאַרמאַטערט, והשנית די אורחים. מחמת ער האָט זיך געפֿירט, קיינמאָל נישט אַהיים צו גיין שבת אָדער יום־טוב פֿון דאַווענען, ביז אַלע אורחים זענען נישט געווען באַזאָרגט. אָפֿטמאָל האָט ער אַליין מיטגענו־מען אַ צוויי אורחים. און דאָ איז ער געווען אויסער זיך, ווער ווייסט וויפֿל יידן וועלן, נעבעך, צוליב דעם היינט נישט עסן?

די מידה פֿון הכנסת אורחים האָט ער געירשנט פֿון זיין פֿאָטער, רב יאָמע מלמד, וועלכער פֿלעגט אין זיין שטעטל בעלכאַטאָוו, ווו ס'איז געווען פֿאַראַן אַ שיינע צאָל רייכע יידישע טעקסטיל־פֿאַבריקאַנטן, אַחוץ דעם אויך מקיים זיין די מצווה פֿון הכנסת כלה.

הגם אַליין אַ ייד אַן אביון, ווי געוויינלעך מלמדים, איז ער אָבער צוליב זיין גאונות און מענטשלעכקייט געווען זייער שטאַרק אָנגעזען. אַלע האָבן פֿאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. ער האָט זיך שוין געהאַט אַ מנהג, יעדן ערב יום־טוב אָדער פּורים פֿאַר דער סעודה זיך צו באַווייזן ביי די נגידים און צו זיי אַ זאָג טאָן בזה הלשון: „זאָג מיר נאָר, פֿריצל, דו וועסט דיר אַזוי גרינג זיצן און עסן היינט

די סעודה, און ווייסט כאָטש, אַז פּלונית בת פּלוני דאַרף חתונה האָבן און ס׳איז נישטאָ מיט וואָס צו סילוקן דעם נדן?" וכדומה. שטענדיק האָט ער געפונען מיט עפּעס וואָס ווייך צו מאַכן די גבירישע הערצער, אַזוי אַז ס׳האָט קיין־מאָל נישט געטראָפן, ער זאָל נישט מצליח זיין און אַרויס־גיין מיט ליידיקע הענט.

אַרויסגייענדיק אַ צופרידענער, פלעגט ער זאָגן: גע־לויבט איז ה״י. איצט וועל איך קאָנען בנעימותדיק זיצן ביים טיש און נישט עסן בחינם.

מיין זיידן, וואָס קיינער, אפילו הינטער די אויגן, האָט נישט געוואָגט אים אַנדערש צו רופן ווי רב יאָמע, האָט זיך אויך אַ לענגערע צייט אויפגעפירט ווי דער נעמיראָווער רבי אין י. ל. פרצס נאָוועלע „אויב נישט נאָך העכער" נאָר אויף אַן אַנדערן אופן.

ער האָט זיך דערוווּסט, אַז הינטערן שטעטל וווינט אין זיין קליין אַלט כאַטקעלע אַ ייד אַן אַלמן, וועמען דאָס ווייב, וואָס איז געווען די גאַנצע פרנסה־געבערין אין שטוב, מיטן וואַשן וועש ביי די שטעטלדיקע באַלעבאַסטעס, איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן און אים איבערגעלאָזט מיט צוויי קינדער. ער האָט, נעבעך, נישט געהאַט מיט וואָס דעם טאָג איבערצולעבן. איז ביז וואַנען ס׳האָט זיך אים איינ־געגעבן דעם יידן צו באַזאָרגן מיט עפּעס אַ שטיקל פרנסה, פלעגט מען זען מיין זיידן יעדן פרימאָרגן שפּאַנען אַהין, מיטטראָגנדיק מיט זיך אַ פּעקעלע, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען אַ האַלב לעבל ברויט, אַ צוויי ציבעלעס, עטלעכע שטיקלעך צוקער, אַ פּאָר עפּעלעך, וואָס ער האָט צוזאַמענ־געשטעלט פון זיינע בידנע פּאָר גראָשן, עס געגעבן דעם יידן מיט די קינדער כאָטש צו דערהאַלטן די נשמה.

די מעשה האָט מען זיך דערוווּסט פון זיינעם אַ תלמיד,

יאַנקל־דוד בענדיט בעקערס איידעם, וואָס האָט אים גע־פלעגט דאָס איינקויפן. ער האָט אויך געפלעגט דערציילן אַ שיינעם קוריאָז פון מיין זיידן רב יאָמע.

געווען איז די מעשה צומאָרגנס נאָך תשעה־באב. אין איין אָטעם זענען אַ פּאָר יונגען פונעם שטעטל, וועמען די בחורים פון בית־המדרש אָדער פון זיין חדר זענען גע־ווען ווי שפּילקעס אין די אויגן, אַריינגעפאַלן צו אים אין חדר מיט אַ געוואַלד, אַז זיי האָבן נעכטן תשעה־באב, הייסט עס, מיט זייערע אייגן אַליין געזען, ווי זיינע תלמידים האָבן אויף אַ פעלד געשפּילט אין קוויטלעך צי גאָר אין קאָרטן. געמיינט דערמיט האָבן זיי צו פאַרמסרן די בחורים פאַרן רבין, און ער זאָל זיי דערפאַר אָנלערנען. מיין זיידע האָט זיך אָבער אָנגערופן צו זיי מיט אַ שמייכל: „זאָגט מיר נאָר, און איר שפּילט גאָר קיינמאָל נישט אין קאָרטן?" „מיר, האָבן זיי זיך נאָך שטאַרקער געהיצט, מיר לערנען דאָך נישט אין דער ישיבה". „אַזוי"... — רופט זיך אָפּ רב יאָמע — „הייסט עס, אַז די עבירה איז נישט, וואָס מען שפּילט אין קאָרטן, נאָר וואָס מען לערנט אין דער ישיבה. מילא די עבירה נעם איך אויף זיך"... די חברה איז אוועק ווי אָפּגעשמיסן.

יאַנקל־דוד איז אַליין שוין געווען אַ למדן, אַן עילוי. כמעט גאַנץ ש"ס געקענט אויפן קאָפּ. מענטשן פלעגן טאַקע זאָגן, אַז דאָס האָט אים שפּעטער צעמישט דעם קאָפּ, וואָרעם צייטנווייז האָט ער פאַרלוירן די קלאָרע גע־דאַנקען. אין אַזעלכע רגעס פלעגט ער אַרומגיין און כסדר זינגען זיין באַליבט זמרל „והיא שעמדה לאבותינו ולנו". מיט די קינדער, וואָס פלעגן אים דערביי אַרומרינגלען, פלעגט ער זיך אין מיטן העלן טאָג אין גאַס איינפלעכטן אין אַ קרענצל און טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד, פון וואָס דער

עולם האָט זיך זייער פאַרוויילט, און אים נישט אַנדערש גערופן ווי „יאַנקל-דוד מיטן והיא שעמדה״.

אַחוץ דעם פלעגט ער זאָגן לייטישע, זייער קלאָרע ווערטלעך. אַזוי, למשל, ווען ער פלעגט צוגיין צום פאַס וואסער, וואָס האָט זיך געפונען אינעם בית-המדרש אויף צו וואַשן די הענט און דאָס פעסל איז געווען, במחילה, שטאַרק פאַרעיפּושט, פלעגט ער זיך פרייען און זאָגן: „ער גלויבט נישט, ער זאָל זיין אַזאַ נאַר, ווי מען רופט אים, מחמת ס׳איז פאַראַן אַ גמרא-ווערטל „שוטה אינו מרגיש״ אַ נאַר שפּירט נישט, און היות דעם ריח פונעם פאַס שפּירט ער גאָר נישקשה, איז דאָך אַ סימן, אַז ער איז נישט קיין נאַר. און ס׳ווערט אויך געברענגט, אַז „פּתי יאמין לכל דבר״ אַ נאַר גלייבט אַלץ. אַזוי ווי ער גלייבט נישט, זאָגט ער, אַז ער איז אַ נאַר, איז דאָך געדרונגען, אַז ער איז עס נישט...

די אַלע ווערטלעך האָבן אים אָבער קיין סך נישט געהאָלפן. זיין ווייב, די שטומע בענדיט בעקערס טאָכטער, האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון שטוב, נישט געוואָלט מיט אים וווינען.

שפּעטער פלעגט ער אַרומבלאָנקען נע ונד, וואַנדערן פון שטעטל צו שטעטל און דערציילן מעשיות און ווערטלעך פון רביים, גוטע יידן.

אויך ער איז אומגעקומען צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידן פון שטעטל.

# ח ו ה ל ע

## 1

דאָס איז געווען אין די צוואַנציקער יאָרן. צוויי יידן פונעם שטעטל, חיים לעזער קאָפּלס און עליע יאָמעס, האָבן זיך מיישב געווען אַלץ צו פאַרקויפן מיט האַק און פּאַק און זיך אַריבערפּעקלען קיין ארץ־ישראל.

חיים לעזערן האָט מען גערופן מיט אַ צונאָמען: „נישטאָ", ווייל וואָס מען איז געקומען קויפן אין זיין שפּייז־געוועלבל, האָט ער אַלע מאָל געענטפערט — נישטאָ! ווען מ'האָט אים געפרעגט וואָס איז די מעשה, וואָס ער האַנדלט נאָר מיט „נישטאָ", זאָל ער האָבן געענטפערט, אַז ס'איז אים לגמרי נישט ניחה זיך צו פאַרנעמען מיט נישטיקע מסחרים.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ דרייקאָפּ, אַ לופט־מענטש, אַן אמתער מנחם מענדל. האָט דעריבער פון אָנ־הייב קיינער נישט גענומען ערנסט די גאַנצע מעשה מיט זיין פאָרן קיין ארץ־ישראל. (ער איז אגב נאָך אַ שטיקל צייט צוריקגעקומען) וואָס שייך עליע יאָמעס, וואָס איז געווען אַ גוטער קאַמאַשן־שטעפּער, געהאַט פּרנסה בריווח, געפירט אַ שיין הויז — האָבן אַלע זיך געוווּנדערט צוליב וואָס ער טוט עס. ווי נעמט דאָס אַ מענטש מיט די אייגענע הענט אַ פּרנסה און וואַרפט זי אין גאַס? נישט אַנדערש, נאָר דער ווילטאָג האָט זיך אין אים צעבריקעוועט.

ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי מיינען עס טאַקע ערנסט און ס'איז שוין געווען באַשטימט ווען און ווי אַזוי

זיי פאָרן, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויסגעפּועלט ביי דער סטאַראָסטווע אַ דערלויבעניש פאַר אַ פייערלעכער געזעגענונג צו זייער אָפּפאָרן.

מיר איז נאָך ביז היינט פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון די יומטובדיקייט, וואָס האָט איינגעהילט דאָס שטעטל אין יענעם טאָג. יידישע קינדער האָבן געטראָגן בלוי-ווייסע פענדלעך. אַ כאָר פון דעם חזנס משוררים האָט זיך באַטייליקט אין די פייערלעכקייטן.

כ'דערמאָן זיך, ווי אין מאָמענט, ווען מען האָט אַרויס-געטראָגן די בלוי-ווייסע פאָן פון חיים לעזערס וווינונג, וואָס האָט זיך געפונען אין זעלבן הויז ווי די פּאָליציי-קאָ-מענדאַנטור, האָט דער כאָר געגעבן אַ זינג אויף דעם „דגל מחנה יהודה" און די פּאָליציי מיטן קאָמענדאַנט בראש האָבן געקוקט דערויף ווי אויף אַ בייז וווּנדער.

אַ קאָמענדאַנט איז געווען ביי אונדז אַזאַ, אַז פאַר זיין בלויזן אויסזען פלעגט אָנפאַלן אַ פּחד. גרויס איז ער געווען ווי דער שור הבור, גראָב ווי אַ העלפאַנד, זיין אויס-געפרעסענע מאָרדע, וואָס אונטער איר האָט זיך קוים אַרויס-געזען דער קאָלנער פון מונדיר, איז געווען ענלעך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער צו זיין הונט נעראָ. מיט איין וואָרט — דער אשמדאי אַליין. אָבער אין אָט דעם טאָג איז ער געווען אָנמעכטיק. מיט ביטערניש האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי די „זשידקעס באַוויזן זיך", פּאַראַדירן מיט זייערע זשידאָווסקע פענער פראַנק און פריי אין מיטן העלן טאָג, און דווקא פאַר זיינע אויגן.

מיר האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן. ס'האָט אויסגעזען, ווי משיח וואָלט געקומען און מיר אַלע וואָלטן געגאַנגען מיט אים קיין ארץ-ישראל.

די נישט-יידישע איינוווינער פון און אַרום שטעטל האָבן געקוקט דערויף מיט שטוינונג, נישט געוווּסט וואָס

ס׳קומט דאָ אַזוינס פאַר. ווען זיי האָבן דערזען, ווי זייערע זשידקעס גייען מיט פענער און זינגען, זענען זיי געוואָרן נבהל ונשתומם, און מיט נייגער געפרעגט: וואָס איז דאָס אַזעלכעס? אויף דעם האָבן מיר זיי שטעכיק געענטפערט: „אידזשעמי דאָ פּאַלעסטיני" (מיר גייען קיין ארץ־ישראל). דאָס איז געווען אַ ווונק אויף זייערע העצערישע אויסרופן: „זשידזשי, דאָ פּאַלעסטיני"!

צוריקגייענדיק פונעם פּאַראַדנעם באַגלייט, איז מען באַהערשט געווען מיט אַ געפיל פון פרייד און פון אומעט. אַ פרייד — פון איבערלעבן אַזאַ טאָג, ווען צוויי יידישע משפחות האָבן זוכה געווען צו פאַרלאָזן דעם דורות־לאַנגן גלות און זענען געפאָרן זיך באַזעצן אינעם לאַנד פון די אבות, אַ זאַך, וואָס מען האָט וועגן איר געקאָנט בלויז חלומען; און אַן אומעט — וואָס משיח איז נאָך דערווייל נישט געקומען און מען מוז זיך צוריק אומקערן יעדערער צו זיינע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן און זאָרגן.

ביי עליע יאָמעס, וואָס האָט געפירט אינעם שטעטל אַ קאַמאַשן־שטעפּעריי, האָט אויך געאַרבעט מיין עלטערער ברודער, פריער אַדורכגעמאַכט ביי אים די לער, און דער־נאָך געאַרבעט אַלס געזעלן. מילא, וויפל געזונט און טרערן ס׳האָט געקאָסט מיין טייערער מאַמען, וואָס איר קינד איז געוואָרן (דער איינציקער אין דער גאַנצער משפחה) אַ בעל־מלאכה — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. זי האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט אָט דעם געדאַנק, אָבער באין ברירה גע־מוזט מסכים זיין. מחמת לערנען האָט ער סיי־ווי־סיי נישט געוואָלט, טאָ וואָס קאָן שוין פון אים ווערן? פאַרפאַלן, זאָל שוין זיין אַ בעל־מלאכה.

צו דער אַרבעט, וואָס אַן אמת, האָט מיין ברודער דווקא יאָ געטויגט, זי ליב געהאַט. די קונים זענען געווען

זייער צופרידן פון אים. דער מייסטער עליע יאָמעס האָט אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד, זייער אָפּט אים פאַרבעטן צום מיטאָג־עסן, און אפשר גאָר געטראַכט אים נעמען שפּעטער פאַר אַן איידעם. האָט ער מאַקע אים דערפאַר, פאַרן פאָרן קיין ארץ־ישראל, איבערגעלאָזט אַלס מתנה דעם וואַרשטאַט מיטן הכל שבהכל. דאָס האָט געגעבן שיין פּרנסה. ער איז געווען שטענדיק באַלאָדן מיט אַרבעט. מיי־נע עלטערן האָבן איצט אפילו געוואָלט, אַז אויך איך זאָל זיך נעמען צו דער מלאכה. אָבער איך האָב צו דעם קיין גרויסן חשק נישט געהאַט. מיר האָט בעסער געשמעקט צו שפּילן טעאַטער. ס׳האָט מיך דערצו געצויגן ווי אַ מאַגנעט.

צו אונדז איז גראָד געקומען אויף דאַטשע אַ באַקאַנ־טער פון לאָדזש, דוד שוואַרצבערג. אין לאָדזש האָט ער אָנגעפירט מיט אַ טעאַטער־סעקציע ביי די לינקע פּועלי־ציון, האָבן מיר אויסגענוצט די געלעגנהייט ער זאָל ביי אונדז געבן עפּעס אַ פאָרשטעלונג. ער איז מסכּים געווען און איינגעשטעלט מיט אונדז אַ קליין־קונסט פאָרשטעלונג, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי פאַרשידענע אַקטן: „די אַמ־נעסטיע״ פון הערמאַן הייערמאַן, „איך באַשולדיק״ פון משה בראָדערזאָן און „דער זיידע״ פון ש. אַנ־סקי.

איך האָב אָנטיילגענומען אין אַלע דריי איינאַקטערס, עוסק געווען דערביי יומם ולילה, נאָר אין זינען געהאַט מיינע ראָלן.

שוואַרצבערגן איז געפעלן געוואָרן, ווי כ׳נעם זיך צו דער זאַך אַזוי ערנסט און ער איז מיט מיר געוואָרן באַ־פריינדט. ער האָט אָפּטמאָל געפּרוווט ווירקן אויף מיינע עלטערן, זיי זאָלן באַווילִיקן מיך מיטצושיקן מיט אים קיין לאָדזש, וווּ ער זעט פאַר מיר אַ גוטע צוקונפט ביים טעאַטער. מיט מיינע פעאיקייטן, האָט ער געזאָגט, וועל איך ווערן

אַ לייט. מיין פֿאָטער האָט דערפֿון זיך אויסגעלאַכט. מיין פֿאָטער פֿלעגט, וואָס אַן אמת, זייענדיק אַ טיש־זיצער ביים אַלעקסאַנדערער רבין, פֿונדעסטוועגן אַריינכאַפּן זיך בגניבה אינעם טעאַטער, זען מיך שפּילן, געשעפּט נחת. ער האָט אָבער נישט געוואָלט איינגיין דערויף, אַז איך זאָל ווערן אַן אָפֿיציעלער „אַקטיאָרשטשיק", און צו דעם נאָך שיקן אין דער פֿרעמד. איך וואָלט עס גריילעך יאָ געטאָן, מיר איז דאָס דווקא יאָ געפֿעלן.

דער דאָזיקער פּלאַן האָט מיך שטאַרק געררייצט, אָבער טאָן עס קעגן ווילן פֿון מיינע עלטערן, האָב איך נישט געוואָלט. מיין פֿאָטער האָט עס נישט פֿאַרדינט. גענוג שוין, וואָס ער האָט מיר בכלל דערלויבט מיינע „מעשים טובים": מיטאַרבעטן אין דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, ווו ס'קומען זיך צונויף יינגלעך מיט מיידלעך („שיך מיט שטיוול" — ווי ער פֿלעגט דאָס באַצייכענען) ווו מען לייענט טריפֿה־פּסול, און גאָט ווייסט וואָס נאָך סאַראַ „מצוות" מען טוט דאָרטן. אין אַנדערע שטיבער האָט זיך איבער די זעלביקע ענינים געטאָן חושך. אַ סך פֿון מיינע חברים זענען דער־פֿאַר אויסגעשטאַנען געברענטע צרות פֿון זייערע עלטערן. האָב איך דערשטיקט אין זיך דעם געדאַנק פֿון אַוועקפֿאָרן, ווערן אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אַקטיאָר. דערפֿאַר זיך באַמיט אויפֿן אָרט אָפּצוגעבן וואָס מער צייט און כוח דעם טעאַטער. כ'האָב דעריבער מיין גאַנצן חוש אַריינגעלייגט אין מיינע ראָלן און קיין אַנדער אַרבעט האָט מיך נישט אינטערע־סירט. ווען ס'האָט אפֿילו געטראָפֿן, אַז כ'האָב בעל כרחי זיך שוין יאָ צוגערירט צו מיין ברודערס אַרבעט, האָב איך עס געמאַכט אַזוי, אַז מ'האָט מיך באַלד דערפֿון באַזייטיקט.

מיט שוואַרצבערגס צוריקפֿאָרן קיין לאָדזש האָב איך געזען, אַז מיין „טעאַטער־קאַריערע" איז געענדיקט. דאָס האָט מיך ווייט נישט געפֿרייט. איז אָבער פֿאַראַן אַ גמרא־

ווערטל: „בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו" (אין דעם וועג, וואָס אַ מענטש צילט צו גיין פירט מען אים). מאַכט זיך און ס'קומט צו אונדז אויף אַרבעט אַ יונגערמאַן איטשע אַבראַמטשיק. מיר האָבן אים געקענט פונעם דערבייאיקן שטעטל בעלכאַטאָוו ווי אַ פעאיקן בחור פאַר טעאַטער. איז נישט אַנדערש, נאָר ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט מיט אונדז שטעלן דעם „דיבוק" פון ש. אַנ־סקי. מיין שמחה איז געווען אין לשער! אַ קלייניקייט, ווידער האָבן אַ געזיכערטן „דזשאַב", זיין פאַרנומען מיט פראָבן, שפּילן לייטישע ראָלן. ס'איז מיר פאַרגעלייגט געוואָרן „חנן", וואָס כ'בין שוין כמעט געווען אַ „געשפּילטער", און אויך דער מיראָפּאָלער צדיק. הכלל, ס'איז געווען ליהודימדיק ווויל.

די פאַרשטעלונג האָט געזאָלט פאַרקומען חול־המועד סוכות. כ'דערמאָן זיך דערביי אַ מעשה, וואָס האָט געשמעקט מיט סכנת נפשות. קאָסטיומען וואָס זענען אַממייסטן באַשטאַנען פון זשופּיצעס, טלית קטנם, ווייסע זאָקן, קיטלען, טליתים, האָט יעדער פון אונדז צוגעזאָגט צו באַזאָרגן. ווער ביים פאָטער, ווער ביי אַ קרוב אָדער סתם ביי אַ באַקאַנטן יידן, דאָס ערגסטע איז געווען מיט אַ שופר אַרויסצוטרייבן דעם דיבוק, וואָס מ'האָט באַדאַרפט אַרויסלקחענען פון ארון קודש אין שול. די מיסיע האָט מען מיר אָנפאַרטרויט.

אַריינקומענדיק אין שול, האָב איך באַמערקט דאָס וואַקסענע נשמה־ליכט, וואָס איז געוואָרן אָנגעצונדן אין יום־כיפור און פאַרבליבן ביז הושענא־רבא. איז מיר גע־קומען אויפן געדאַנק, אַז כדי צו געבן דער בינע דעם כאַ־ראַקטער פון אַ שול, אין איינוועגס אויך דאָס ליכט מיט־צונעמען. ווען אהרן שמש האָט דערזען, אַז דאָס נשמה־ליכט איז פאַרשוווּנדן פונעם אָרט, איז ער אַריין צום רב, און אים איבערגעגעבן ווענן געשעעניש. בליץ־שנעל האָט

זיך די זאַך צעטראָגן איבערן שטעטל. מען האָט דערין געזען נישט קיין גוטן רמז, און יעדער האָט געגומען ציטערן אי־בערן גורל פון זײַן נשמה. איך האָב מורא געהאַט די מענטשן אינעם טעאַטער זאָלן נישט באַמערקן דאָס נשמה־ליכט אויף דער בינע און נישט מאַכן קיין טרעװאָגע און שטערן די פאָרשטעלונג. איך האָב געציטערט, מען זאָל זיך נישט אַמאָל דערװיסן, אַז דאָס איז מײַן שטיקל אַר־בעט. כ׳האָב שױן חרטה באַקומען אױף דעם גאַנצן עסק, זיך געטראַכט, אַז מ׳װאָלט געקאָנט אַרױסטרײַבן דעם דיבוק אָן נשמה־ליכט אױך. נאָר אַלץ איז יאַקאָש אַדורך בשלום, און באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג האָב איך צוריקגעשטעלט דאָס װאַקסענע נשמה־ליכט דאָרט, פון װאַנען כ׳האָב עס גענומען.

דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט. קוים האָט זיך גע־ענדיקט אײן טעאַטער־אַרבעט, איז באַלד אונטערגעקומען, װי פון הימל צוגעשיקט, אַ צװײטע.

קומט אין שטעטל אָן אורח. אַן אױסטערלישער מין אורח, דעם אמת געזאָגט. זײַנע פולע רױטע בעקלעך, דער דיקער קאַרק, האָבן גיכער געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ גביר אײדער פון אַ נדבה־קלײבער. און נישט אײן נגיד װאָלט זיך געװוּנטשן זײַן אױסזען. אַז ער האָט זיך באַ־װיזן אין די ייִדישע הײַזער בעטן אַ נדבה, איז ער געװאָרן בעסער באַהאַנדלט װי די געװײנלעכע שנאָרערס. מיט באַדױערן פלעגט מען צושאָקלען, נעבעך אַ יורד, אַן אָפּגע־קומענער גביר. דאָס האָט אים צוגעהאָלפן צום „פּאַך״; קײן צוקער אָדער ברױט איז מען, צוליב זײַן הדרת פּנים, נישט דרײסט געװען אים צו געבן.

דאָס שטעטל האָט, װײַזט אױס, בײַ אים נושא חן געװען, װײַל ער האָט זיך פּשוט װי באַזעצט בײַ אונדז. אַלע

פאַר וואָכן האָט מען אים ווידער געזען. באַלד האָט ער זיך שוין גערעכנט כמעט פאַר אַ בן־עיר.

איינמאָל איז ער געקומען אין דער י. ל. פרץ־ביבליאָ־טעק און נאָכגעפרעגט זיך אויף פאַרשידענע ביכער, אויס־גערעכנט דערביי אָן אַ צאָל באַקאַנטע שרייבער, פאַרפירט אַ שמועס וועגן זייערע ווערק, אַז ס'איז ממש געווען צו שטוינען: פון וואַנען קומט צו אַזאַ סגאל ייד אַזוי פיל וויסן און באַהאַוונטקייט אין ליטעראַטור? אפשר אַ נסתר? אַ למד־וואָווניק? אַ קשיה, וואָס ס'קאָן טרעפן! אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, מען איז אַרויפגעקומען אויף אַ שמועס וועגן טעאַטער, האָט ער דערלאַנגט אַ פרעג צי ס'איז פאַראַן ביי אונדז אַ טעאַטער־קרייז. אויף אונדזער פאַרוווּנדערונג, צו וואָס אַ שטייגער ער דאַרף דאָס וויסן? זענען מיר גע־וויר געוואָרן, אַז ער איז חוץ אַלעם, אויך אַ שטיקל טעאַ־טער־רעזשיסער. ער האָט דערביי אויסגערעכנט אַ גאַנצע ריי פּיעסעס, וואָס ער האָט שוין געהאַט געשטעלט. אויב מיר ווילן, קאָן ער מיט אונדז אויך עפּעס אויפפירן, לויט אונדזער אויסוואַל. נאָר בתנאי, אַז מיר זאָלן אים באַזאָרגן מיט עפּעס אַ דירה, ער זאָל נישט דאַרפן, ווי ביז איצט, נעכטיקן אינעם הקדש, אָדער אין בעסטן פאַל — אין בית המדרש. וועגן פרנסה האָט ער נישט גערעדט, נאָר אונדז געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז אויך אַ לערער פון יידיש, פּויליש און העברעאיש, פון וואָס ער האָפט דאָ צו קאָנען ציען זיין חיונה.

ס'איז אונדז אויסגעקומען אַביסל מאָדנע, וואָס אַ מענטש מיט אַזאַ באַגאַזש זאָל ביז איצט נישט האָבן געפונען אין ערגעץ קיין באַשעפטיקונג און זיך מוזן באַנוצן מיט בעט־לערײַ. האָט מען זיך דעריבער אין פלוג באַצויגן צו אים מיט ספק: ווער קאָן דען וויסן, וואָס ס'טוט זיך אין זיין

הארצן? מיט װאָסערע פאַרבאָרגענע מחשבות ער טראָגט זיך אַרום? נאָך אַ ישוב הדעת האָבן מיר אים געזאָגט, אַז מיר נעמען בדרך כלל אין אַכט זײנע פּלענער, װעגן װעלכע מיר װעלן זיך דאַרפן באַראָטן און אים געבן אַן ענטפער.

דעם רעזשיסערס געדאַנק האָט מיך דערפרײט: װידער אַ מעגלעכקײט צו שפּילן טעאַטער! הכלל, װאָס זאָל איך לאַנג ברײען: אויף דער באַראַטונג בין איך, מורא האָבנ־דיק, אַז עס זאָל, חלילה, פון עסק גאָרנישט װערן, געװען זײן מליץ־יושר. װאָס איז? האָב איך זיך געקאָכט, װאָס קאָן אונדז דאָ אַזעלכעס פּאַסירן? ערשטנס דאַרף מען זיך איבערצײגן אויב ער יכולט, אַזױ װי ער זאָגט, און שפּעטער װעט מען װײטער זען.

וכך הוה. מען האָט באַשטימט, אַז ער זאָל צוגרײטן פאַר אונדז איבערלײענען אַ פּיעסע. אויסגעקליבן האָבן מיר „דער פרעמדער" פון יעקב גאָרדין, װאָס איז פון אַלע זײנע פאָרגעלײגטע פּיעסעס געװען די פּאַסיקסטע.

נאָכן איבערלײענען עטלעכע זײטלעך, האָט זיך חברה איבערגעקוקט מיט די בליקן, אין װעלכע מען האָט געקענט זען אַ חרטה איבערן חשד, װאָס מען האָט אויף אים גע־האַט. ער האָט אונדז זײער איבעררעאַשט. בײם פאָרלײע־נען די פּיעסע האָט ער אַרויסגעבראַכט יעדן פּערסאָנאַזש װי לעבעדיק. קײנער האָט מער נישט געהאַט קײן שלעכטע כּװנה װעגן אים. מיר האָבן שױן געזען אין אים אונדזער רעזשיסער, װאָס שײנט צו זײן אינעם פאַך אַ מומחה. און ער װעט זײן פאַר אונדז װי אָנגעמאָסטן.

איך האָב זיך בײם לײענען די פּיעסע שױן צוגעקליבן צװײ ראָלן: קלמן משה — די כאַראַקטער־קאָמישע און נפתלי הערץ — די דראַמאַטישע, זיך געשלאָגן מיט דער דעה. װעלכע ראָל װעט מיר בעסער קלײדן. מען האָט פאַר־

טיילט די ראָלן. איך האָב באַקומען צוגעטיילט די דראַמאַטישע, נפתלי הערץ. מען האָט באַשטימט פּראָבעס און מען האָט גענומען זוכן אַ דירה פאַרן רעזשיסער מיט זיין פרוי און קינד.

ס׳האָט אונדז אָבער געמאַטערט איין געדאַנק: מיר האָבן געוואָלט וויסן זיין ביאָגראַפיע, וועלכע סיבות האָבן אים געשטויסן צו שנאָרעריי. ווען מיר זענען מיט אים געוואָרן אַביסל היימיש, האָט עמעצער ביי אַ שמועס אים אַ פרעג געטאָן, וואָס אַזוינס האָט אים געבראַכט צו זיין פריער־דיקן מצב? האָט ער אונדז מגלה געווען דעם גאַנצן סוד, וואָס פאַר זיך גופא וואָלט עס גאַנץ גוט געפּאַסט פאַר אַ טעאַ־טער־טעמע אָדער פאַר אַ סצענאַריום פון אַ פילם.

אָט וואָס ער האָט אונדז דערציילט:

ער אַליין שטאַמט פון אַ רייכער חסידישער משפחה — אַראָנאָוו. אַחוץ תלמוד האָט מען אים אויך געלערנט שפּראַכן און אַנדערע לימודים. האָט זיך אָבער אַזוי גע־מאַכט, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, זיין איצ־טיקע פרוי, פון אָרעמען שטאַנד, אַ טאָכטער פון אַ לאַ־טוטניק. זיינע עלטערן האָט נישט געפּאַסט דער שידוך. זיי האָבן נישט געוואָלט הערן דערפון, אים געדראָט, אַז אויב ער וועט מיט איר נישט איבעררייסן, וועלן זיי פון אים נישט וועלן וויסן. עפּעס אַ קלייניקייט: אַראָנאָווס אַ זון זאָל חתונה האָבן מיט אַ שוסטערס אַ טאָכטער, וואָס אויף איר זאָגט מען נאָך, אַז זי איז אַ קאָמוניסטקע!

— „איך האָב דאָס מיידל זייער גוט געקענט, געוווּסט, אַז זי איז אַן אָרנטלעך קינד, קלוג און טאַקע שיין אויך. מיר האָבן זיך באמת זייער ליב געהאַט. דאָס, וואָס זי איז אָרעם, האָט מיך לחלוטין נישט געאַרט. כ׳האָב בכלל נישט געטראַכט דערפון.

„בקיצור, כ'האָב פאַרלאָזט די עלטערן, געפאָרן קיין יאַראָסלאַוו מיטן מיידל, זי האָט דאָרט געהאַט חברים. דאָרט איז אויך געווען אַ טעאַטער־קרייז ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. באַלד בין איך געוואָרן אַ גאַנצער טוער אינעם דאָזיקן קרייז, האָב אפילו רעזשיסירט עטלעכע פּיעסעס מיט דערפאָלג, בין געוואָרן צום טייל פון זיי אויסגעהאַלטן. דאָס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט, ביז ס'איז דערגאַנגען צו דער מאַכט, אַז דער פאַראיין פירט אַ לינקע טעטיקייט און מען האָט אים צוגעמאַכט.

„די חברים, מורא האָבנדיק פאַר תפיסה, זענען זיך צעלאָפן פון שטאָט. איך מיט מיין פרוי זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. קיין פאַך פון וואָס צו ציען חיונה האָב איך נישט געהאַט, האָבן מיר גענומען וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, ביז מיר זענען אַריינגעפאַלן אין נעץ פון שנאָרעריי. מיר האָבן עס אָנגענומען באהבה, אַבי אונדזערע הערצער זאָלן נישט צעריסן ווערן".

זיינע ווערטער האָבן אונדז שטאַרק גערירט. מיר האָבן באַשלאָסן די מענטשן, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר זייער ליבע, אַרויסצושלעפּן פונעם זומפּ, אין וועלכן זיי זע־נען געזונקען, און זיי באַזאָרגן מיט פּרנסה.

שוין פריער איז ביי אונדז אויפגעקומען אַ פּלאַן איינ־צואָרדענען אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. מחמת מען האָט באַמערקט, אַז אַ גרויסער טייל פון אונדזערע לייענער טוישן די ביכער נישט לייענענדיק זיי, פּשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט גוט לייענען. צו דעם צוועק האָט מען באַדאַרפט פון ערגעץ־ווו אַראָפּברענגען אַ לערער. היות ווי מיר האָבן דאָ איצט געהאַט ביי זיך אַראָנאָוון, איז געבליבן, אַז מיר זאָלן אים אָנפאַרטרויען דעם פּאָסטן און אַזוי אַרום אים געבן די מעגלעכקייט צו האָבן פון וואָס צו לעבן.

מיר האָבן אים באַזאָרגט מיט אַ דירה, אים נישט שלעכט איינגעאָרדנט און אַלץ וואָלט געווען ווויל און פיין, ווען נישט דאָס, וואָס האָט ווייטער פּאַסירט:

די פאָרשטעלונג פון גאָרדינס פּיעסע „דער פרעמדער" האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. דער קלאַנג דערפון האָט דערגרייכט אַזש אין די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס האָבן גענומען אונדז פאַרבעטן צו שפּילן די פּיעסע אויך דאָרט.

מאַכט זיך, אַז מיר זענען איינמאָל געקומען אין אַ דער־בייאיקן שטעטל מיט אָט דער פאָרשטעלונג. זי איז זייער גוט דורכגעגאַנגען און דער דאָרטיקער דראַמקרייז האָט נאָך דער פאָרשטעלונג איינגעאָרדנט פאַר אונדז אַ באַנקעט. ס'זענען געווען פאַרבעטן די „פּני", די גאַנצע „קולטורעלע וועלט". געקומען איז אויך חוהלע — די פּאַננאַ עווּאַ, ווי מען האָט זי גערופן. זי האָט אויך אַמאָל געהערט צום קרייז. גלייך ביי איר אַריינקומען האָט זי צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, מחמת שיין איז זי געווען ווי אַ מלאך. דערצו נאָך — קלוג, באַלייענט, געקאָנט רעדן. זי איז יונ־גערהייט געבליבן אַ יתומה, אָן טאַטע־מאַמע. די מאַמע איז געשטאָרבן בעת אַ קימפּעט, אַביסל שפּעטער דער טאַטע — פון אַ האַרצשלאַק. זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ שניט־געוועלב, וואָס זי האָט ווייטער געפירט, און געהאַט דערפון אַ גאַנץ בכבודיקע פּרנסה. נאָר פאָרט איז זי געווען שטאַרק פאַראומערט. זי האָט מיט קיינעם נישט פאַר־קערט, אין ערגעץ נישט געגאַנגען פאַרברענגען. דאָס מאָל האָט זי געמאַכט אַן אויסנאַם, וואָס האָט אַלעמען דער־פרייט, ווייל מען האָט געוואָלט זי זען אַ אויפגעהיי־טערטע.

נאָכן אויסהערן דאָס בינטל שבחים, ווי דער שטייגער איז, אויף אונדזער קאָנטע, און גאָר באַזונדער פאַרן רע־

זשיסער, און נאָך דעם ווי מען האָט געמאַכט אַ לחיים, פון וואָס מען איז געוואָרן אַ ביסל בגילופין, האָט עמעצער פון די אַקטיאָרן פאַרגעלייגט, מען זאָל צוריקגיין אין זאַל כאַפּן אַ טענצל (ס׳איז שוין געווען אַזאַ מנהג, אַז נאָך אַ פאָרשטעלונג האָט מען געטאַנצט ביז אינדערפרי).

די פאַננאַ עוואַ איז אויך מיטגעגאַנגען. און ס׳איז אַזוי געשען, אַז זי איז די גאַנצע צייט געווען אין דער געזעלשאַפט פון אראָנאָוון, דעם רעזשיסער. זי האָט, צום ערשטן מאָל זינט אַ לענגערער צייט זיך געלאָזט פון אים פאַרבעטן צום טאַנצן. און אַזוי איז זי שוין די גאַנצע נאַכט פאַרבליבן זיין פאַרטנערקע.

פאַרוואָס די פאַננאַ עוואַ פלעגט פון יענער צייט אָן אַלץ אָפטער זיך באַווייזן אין שטעטל, איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן. מיר האָבן געגומען פאַר גוט איר דערקלערונג, אַז דאָס ברענגט איר אַהער די סימפּאַטיע צו אונדז פאַר אונדזער גוטן שפּילן. מיר זענען געווען צופרידן פון די קאָמפּלימענטן פון אַזאַ סימפּאַטישן גאַסט. ביז איינמאָל, נאָך דעם ווי עטלעכע טעג האָבן מיר מער נישט געזען אונדזער אַראָנאָוון, נישט אויף די אָוונט־קורסן און נישט אויף די פּראָבן — האָט מען באַשטימט צוגיין זען, וואָס ס׳האָט פּאַסירט: אפשר איז ער קראַנק און קען נישט אַרויסגיין. אַז זיין פרוי איז אַ ליידנדיקע, האָבן מיר געוווּסט, זי איז מער געלעגן אין בעט ווי אַרומגעגאַנגען. אויב ער איז אויך קראַנק, האָבן מיר געטראַכט, דאַרף מען זיי דאָך מיט עפּעס וואָס העלפן.

ווען מיר זענען אַריין צו זיי אין שטוב, האָבן מיר דערזען אַ שוידערלעך בילד: צוויי נפשות — די מאַמע מיטן קינד — זענען געלעגן אין בעט און האָבן יאָמערלעך געוויינט. אונדזער פראַגע: וואָס איז געשען? איז געבליבן אָן אַן ענטפער.

— ווו איז אייער מאַן, דער חבר אַראַנאָוו? פאַרוואָס זעט מען אים נישט מער ביי אונדז? זי האָט זיך ווידער צעכליפּעט, אַז זי ווייסט נישט. ער איז אַוועק און זי איבער־געלאָזט מיטן קינד אָן שום מיטלען צום לעבן. „מילא איך, האָט זי געטענהט, וועל שוין סיי ווי סיי נישט לאַנג אויסהאַלטן. כ'פּיל, אַז דאָס זענען מיינע לעצטע טעג. אָבער דאָס קינד? וואָס וועט דערפון ווערן? ווער וועט זיך דערמיט פאַרנעמען?"

מיר האָבן זי געפּרוווט באַרואיקן, צוגעזאָגט צו זאָרגן פאַר איר געזונט און שטיצן זי מיט וואָס נויטיק איז. מיר האָבן גערופן צו איר דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט אונדז איבערגעגעבן נישט קיין גוטע נייעס: זי איז שווער קראַנק און מוז גלייך אַריין אין שפּיטאָל.

מיר האָבן גענומען אַרבעטן מעשים, אינטערווענירט ביים וואָיט פונעם שטעטל, אויך ביי די יידישע כלל־טוער. ס'איז אונדז ענדלעך געלונגען אויסצופועלן, מען זאָל די פרוי אָפּשיקן אין שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ דערבייאיקן גרעסערן שטעטל. נאָר ס'איז סיי ווי סיי שוין געווען צו שפּעט: אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז זי געשטאָרבן.

פאַר אונדז איז די גאַנצע מעשה געווען אומפאַר־שטענדלעך. מען האָט זיך געבראָכן דעם מוח און נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס האָט באַוואויגן אַראַנאָוון צו אַזאַ זאַך. אַ מענטש, וועלכער האָט געלעבט פון בעטלעריי און האָט זיך ווידער דערשלאָגן צו אַ בכבודיק לעבן, זיך נישט שלעכט איינגעאָרדנט, געהאַט פרנסה, נישט שווער געאַרבעט, געווען אָנגעזען אין דער געגנט — און מיט אַמאָל זאָל ער דאָס אַלץ נעמען און צעברעכן, זיך אויפ־הייבן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועו, איבערלאָזן אַ קראַנק ווייב, אַ קינד, און אַוועק אָן אַ "גוטן טאָג", ווי אין וואַסער אַריין?

דאָס רעטעניש האָט זיך ערשט אויפגעקלערט דורך איינעם פון אונדזער קרייז. סאָלאָווייטשיק האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט געזונגען ווי אַ סאָלאָוויי. ער איז געווען זייער אַ גראָטענער, אַ שיינער יונג, אַ פריילעכער. דער גראָשן האָט אים אויך נישט געפעלט. פון ערשטן מאָמענט ווען אָט דער סאָלאָווייטשיק האָט דערזען די פאַננאַ עוואַ, האָט אים באַלד באַהערשט אַ שוואַכקייט צו איר. די גאַנצע צייט איז ער געווען זיכער, אַז דאָס קומט די פאַננאַ עוואַ אַזוי אָפּט אינעם שטעטל טאַקע צוליב אים. איצט אָבער האָט זי אויפגעהערט צו קומען. ער האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס. האָט ער ביי זיך באַשלאָסן, אַזוי מיר נישט דיר נישט, בשתיקה זיך אַריבער־צוכאַפּן צו איר אין שטעטל, כדי זיך צו דערוויסן די סיבה. אין איינוועגס זיך געטראַכט, צו וואָס זיך שפּילן אין קו־צעניו־מוצעניו, ער וועט איר דערקלערן קליפּ און קלאָר, אַז ער האָט זי ליב און וויל זי פאַר אַ כלה.

געקומען צו פאָרן אין איר שטעטל, זיך נאָכגעפרעגט ווו זי וווינט, איז ער פון ענטפער געוואָרן ווי אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער. די פאַננאַ עוואַ, האָט מען אים דערקלערט, האָט לעצטנס אַלץ פאַרקויפט, פאַרלאָזט דאָס שטעטל, און איז געפאָרן זיך באַזעצן אין לאָדזש. זי האָט דאָרט, ווייזט אויס, אירן אַ פעטער, וואָס האָט דורכאויס פאַרלאַנגט זי צו האָבן ביי זיך. סאָלאָווייטשיק האָט זיך אויך דערוווּסט, אַז קורץ פאַר איר אָפּפאָרן האָט מען דאַ אין שטעטל אויך געזען אַראָנאָוון, אונדזער רעזשיסער און לע־רער פון די אָוונט־קורסן.

ער האָט גענומען חוקר ודורש זיין דעם אַדרעס ווו דער פעטער וווינט, און ווי נאָר ער האָט אים אַרויסגעקראָגן, האָט ער איר געשריבן, אַז ער וויל זיך אומבאַדינגט מיט איר ווי אַמגיכסטן זען.

ווי גרויס איז אָבער געווען זיין איבעראַשונג, ווען ער האָט באַקומען אַן ענטפער פונעם פעטער אירן, אַז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן; ער הייבט נישט אָן צו וויסן אפילו, אַז זיין ברודערס טאָכטער דאַרף זיך באַזעצן אין לאָדזש. זי איז בכלל ביי אים נישט געווען.

ווען סאָלאָווייטשיק האָט אַביסל אַ פאַרשעמטער דאָס אונדז איבערגעגעבן, איז אַלץ געוואָרן קלאָר. מיר האָבן פאַרשטאַנען דעם גאַנצן ענין. נישט אַנדערש ווי די צוויי חברה-לייט האָבן באַשטימט צו זיין צוזאַמען, באַשלאָסן ערגעץ אַוועקצופאָרן און זיך אויסבאַהאַלטן.

סאָלאָווייטשיק האָט איצט פאַרשטאַנען, אַז די פאַננאַ עוואַ איז אַזוי אָפט געקומען אין אונדזער שטעטל נישט אַזוי צוליב אים, ווי צוליב דעם חבר אַראָנאָוו. ער האָט זיך אוודאי געטראַכט, אַז נישט אומזיסט זאָגט מען: „שטילע וואַסערלעך גראָבן טיף". פון זיין מלאכל, ווי ער פלעגט זי רופן, איז געוואָרן אַ מלאך מיט צוויי אמתע פליגלען, וואָס האָט געגעבן אַ פלי אַוועק, אַז קיינער ווייסט צומאָל נישט וווּאַהין.

אויך מיר, שטאַרק אַנטוישטע און אָפּגענאַרטע, האָבן סוף-כל-סוף שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אַזוי איז שוין די טבע פון מענטשן: ווען ער איז הונגעריק, איז זיין פאַר-לאַנג זיך צו זעטיקן. ווערט ער אָבער זאַט — זוכט ער שוין נאָך עפּעס...

2

אַ לאַנגע צייט האָט קיינער פון אונדז מער נישט גע-הערט נישט וועגן אַראָנאָוון, נישט וועגן דער פאַננאַ עוואַ, די שיינע חוהלע. ערשט העט העט מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך בישלעכווייז דערוווּסט דעם „ווייטערדיקן גאַנג

פון די געשעעענישן״, ווי מען רופט עס אין די צייטונגען. דער גאַנצער ענין מיט די צוויי פייגעלעך, וואָס זענען אַנטלאָפן פון נעסט, האָט זיך אויסגעלאָזט אינגאַנצן אַנדערש ווי אין די ביליקע ראָמאַנען. גאָר אויף אַן אַנדערן אופן.

ומעשה שהיה כך היה:

די אידיליע צווישן אונדזער חבר אַראָנאָוו מיט דער פאַננאַ עווא האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, קוים אַ פּאָר יאָר. די שטאַרקע, גרויסע ליבע האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעקילט.

נאָך דעם ווי די יונגע, פלאַמיקע, ברויזנדיקע ליידנשאַפט איז געוואָרן געשטילט, האָט די פאַננאַ עווא זיך גענומען פאַרשטעלן די „גאָלדענע גליקן״ פון איר צוקונפט: לעבן אין דחקות מיט אַ מאַן, וואָס איז פעאיק איבערצולאָזן פרוי און קינד אויף הפקר און אַוועק. צי קאָן ער נישט ביי דער ערשטער געלעגנהייט דאָס זעלבע אויך טאָן מיט איר? יאָ, אויסערן ייִנגעלע, וואָס זי האָט אומגעזעצלעך פון אים געבוירן, קאָן זי דאָך קיין וויכטיקס פון איר אַראָנאָוון נישט דערוואַרטן. דערצו דאַרף מען וווינען אין דער פרעמד, אין נעבעכדיקע באַדינגונגען, אָפּזאָגנדיק זיך פון די עלעמענטאַרסטע זאַכן, וואָס אַ פרוי דאַרף האָבן.

פון דעם ביסל געלט, וואָס זי האָט געהאַט צוזאַמענגעשטעלט פון דער ירושה נאָך אירע פאַרשטאָרבענע עלטערן, איז געוואָרן אַלץ ווייניקער. ס׳האָט שוין געהאַלטן כמעט ביים אויסלאָזן זיך און קיין אַנדערס איז נישט געווען פאַראויסצוזען. פון וואַנען? פון די „גרויסע געשעפטן״, וואָס זיי האָבן געמאַכט? זי האָט אפילו נישט געהאַט קיין פריינט, מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. פאַר די פריערדיקע באַקאַנטע איז איר געווען אַ בושה זיך צו באַווייזן. האָט זי אָנגעהויבן זיך פרעגן אין האַרצן: פאַרוואָס?

און צו וואָס האָט זי דאָס אַלץ באַדאַרפט? וואָסער ווילדע משוגעת האָט זי דערצו געשטויסן? פאַרוואָס האָט זי געוואָלט זיין אַנדערש ווי אַלע אירע חברטעס פון שטעטל, וואָס זענען אפשר נישט געווען אַזוי שיין אָדער רייך ווי זי, און פונדעסטוועגן האָבן זיי חתונה געהאַט אין כבוד, געפירט אַ גליקלעך פאַמיליען-לעבן, זייערע מענער האָבן געזאָרגט וועגן פרנסה. אך, ווי זי איז איצט זיי מקנא געווען. און טאַקע אַזוי, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ מאַן זאָל נישט זוכן ביי עפּעס וואָס צו פאַרדינען אויף צו קאָנען אויסהאַלטן זיין ווייב און קינד, וואָס ער האָט זיי מכלומרשט אַזוי ליב? און וואָס וועט זיין דער תכלית? ווי לאַנג קאָן עס אַזוי אָנהאַלטן? מען וועט דאָך זיי נאָך פון דער „וואַזשנער" דירה אויך אַרויסוואַרפן, אויב זיי וועלן נישט האָבן צו באַצאָלן דירה-געלט. הכלל, נאָך אַ סך שלאָפלאָזע נעכט פול מיט חרטה-געפילן, האָט חוהלע באַשלאָסן איבערצורייסן מיט אַראָנאָוון און אַוועק כל-זמן ס'איז נאָך צייט.

אָבער וווּהין? און וואָס טאָן? צוריק צו זיך אינעם שטעטל, איז דאָך אוממעגלעך. מען וועט איר דאָרט די אויגן אויסדראַפּען. וואָס-זשע טוט מען?

געטראַכט און געטראַכט, און זיך דערטראַכט: קיין אַמעריקע! זי דאַרף פאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט זיך דער־מאָנט אין אירן אַ קוזין, וואָס איז מיט יאָרן צוריק אַהין אַוועק. אין שטעטל איז ער טאַקע נישט ביכולת געווען צו פאַרדינען קיין צעבראָכענעם צווייער, אָבער דאָרט, אין אַמעריקע, איז ער געוואָרן אַ גאַנצער אָלרייטניק, פאָרט מיט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל; אין זיין שאַפּ זענען באַ־שעפטיקט איבער צוויי הונדערט אַרבעטער. ער האָט זייער אַ סך געהאָלפן זיין אַלטער מאַמען, געוואָלט מיט אַלע כוחות זי אַראָפּנעמען צו זיך, נאָר יענע האָט אפילו נישט

געוואָלט הערן, נישט געוואָלט אַוועק אויף די לעצטע יאָרן אין דער „פרעמד".

איז אפשר, האָט חוהלע געטראַכט, זאָל זי זיך ווענדן צו אים און בעטן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף איר, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון אַ זשוליק, וואָס זי האָט מיט אים אַפילו נישט חתונה געהאַט. ער האָט זי איבערגעלאָזט מיט אַ קינד און איז אַוועק און קיינער ווייסט נישט וווּ-הין און פאַרוואָס. נאָר גאָט צו דאַנקען, ביי אירע עטלעכע און צוואַנציק יאָר איז זי נאָך בכוח צו אַרבעטן און פאַר-דינען ביי וואָס ס׳זאָל נישט זיין און זי וועט, חלילה, נישט דאַרפן, אַז ער זאָל זי אויסהאַלטן. זי האָט אַפילו געלט אויף אַ שיפסקאַרטע. דאָס איינציקע, וואָס זי בעט ביי אים, איז איר שיקן אַן אַרויספאָדערונג און דאָס באַלד. און אפשר וועט ער באַוויליקן איר העלפן פון דעם זומפּ אַרויסשלעפּן. קיין אַנדערן אויסוועג זעט זי נישט.

די גאַנצע נאַכט, ווען ס׳איז ביי איר געבוירן געוואָרן אָט דער פּלאַן, איז זי שוין מער נישט געשלאָפן, געוואַרט ס׳זאָל שוין ווערן טאָג און זי זאָל אַזאַ בריוו אָנשרייבן צום קוזין.

זי האָט אין בריוו בייגעלייגט איר פאָטאָגראַפיע פון די יאָרן, ווען זי איז נאָך געווען אין פולן גלאַנץ, דערביי גע-בעטן דעם ענטפער צו שיקן נישט צו איר אַהיים, נאָר אויף דער פּאָסט, צוליב סיבות, וועלכע זי קאָן נישט אָנגעבן אין בריוו.

אַז איר קוזין, זעליק סטאַראָשעווסקי, וואָס האָט איצט געהייסן סטאַר עט קאָמפּאַני, האָט דערהאַלטן דעם בריוו, איז ער געוואָרן זייער איבעראַשט. עפּעס זעט ער דאָך די זעלבע האַנט-שריפט, ווי פון די בריוו, וואָס ער פלעגט באַקומען פון זיין אַלטער מאַמען, ווען זי האָט נאָך געלעבט. (חוהלע האָט שטענדיק געשריבן איר מומעס בריוו צום

זון קיין אַמעריקע). מיט אומגעדולד, האַסטיק האָט ער גע־
עפנט דעם בריוו און ס'האָט פּאַר זיינע אויגן אַ בלישטשע
געטאָן דאָס פּרעכטיקע בילד פון זיין קוזינקע, וואָס ער
האָט קוים זי געקענט. זי איז געווען אַ פּיצל קינד, ווען ער
האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, און דאָ האָט ער פאַר זיך
אַזאַ בילד־שיינהייט.

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו אין איין אָטעם.
עטלעכע מאָל געכאַפּט אַ בליק אויפן בילד און האָט זיך
אַלץ נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן, אַז ביים פעטער אהרן
מיט דער מומען מילטשע זאָל האָבן אויסגעוואַקסן אַזאַ
שיינע טאָכטער. און אים איז געקומען אויפן געדאַנק זיין
יינגסטער זון דזשעק, וועמען ס'גייט נישט אַזוי מיט אַלע־
מען אינעם פאַמיליען־לעבן. סוף־כל־סוף וועט ער זיך מוזן
גטן מיט זיין „פאַנפעראַנקע", וואָס ער האָט זיך איינגע־
האַנדלט קעגן זייער ווילן און וואָס דערגייט אים און אויך
זיי די יאָרן. אַלץ דאַרף זי האָבן און גאַרנישט געפעלט
איר. לויפט טעג און נעכט אויף בעלער, טשאַרעט זיך אַרום
מיט פאַרשידענע באָיעס, פאַרנאַכלעסיקט דאָס הויז, לאָזט
די דינסטן אַליין באַלעבאַטעווען, די אמתע „צאַצקע"! און
אפשר? טאָמער? אפשר איז אַ סברה, אַז ער זאָל טאַקע
אַהערברענגען די קוזינע זיינע און טאָמער, ווי ס'מאַכט
זיך! אַ שיינע, זעט מען דאָך, איז זי. פון וואַנען זי שטאַמט,
ווייסט ער דאָך זייער גוט. געלט פעלט דאָך אויך נישט.
איי דאָס, וואָס זי האָט אַ יינגעלע? האָט זיין זון דאָך אויך
אַ מיידעלע.

די געדאַנקען זיינען געפלויגן, ער האָט אַליין נישט
געוווּסט, פון וואַנען זיי נעמען זיך. און ווען ער האָט
דערנאָך זיך צערעדט מיט זיין ווייב, איר געוויזן דעם
בריוו, האָט מיסים סטאַר, וואָס האָט נישט אַנדערש גע־
רופן איר שנור ווי „געשוויר" — תיכף באַקומען דעם

זעלביקן איינפאַל. אָבער וואָס ביי מיסטער סטאַר איז געווען סתם אַזוי אַ רעיון, איז ביי איר, אין איר ווייבערישן דמיון, געוואָרן גלייך אַ פּאַרטיקער פּראָיעקט. זי האָט זיך צוגעכאַפּט צו דעם ווי צו אַ געבראָטנס, געזען דערין נישט אַנדערש ווי אַ גאָטזאַך. פון הימל אַליין צוגעשיקט, כּדי צו קאָנען פּטור ווערן פון דער מציאה, וואָס זייער זונדל האָט זיך איינגעשאַפּט.

זיי האָבן באַשלאָסן דעם זון דערוויל גאָרנישט צו זאָגן, נאָר לאָזן צו ערשט די קוזינקע קומען אַהער.

געטראַכט און געמאַכט. מיסטער סטאַר האָט די זאַך איבערגעגעבן זיין אַדוואָקאַט, יענער זאָל וואָס גיכער אַדורכ־פירן די פאָרמאַליטעטן, און צו דער קוזינע האָט ער אָנ־געשריבן אַ וואַרעמען בריוו: ווי מלא שמחה ער איז גע־ווען צו קריגן אַ ידיעה פון זיינער אַ קוזינקע, וואָס ער געדענקט נאָך גוט אירע עלטערן: דעם פעטער אהרן און די מומע מילטשע. ווי צופרידן ער איז צו האָבן אַזאַ שיינע קרובה, ווי ער זעט עס אויף דער פּיקטשור. אַז ער וועט אַלץ טאָן, כּדי זי זאָל קאָנען וואָס גיכער קומען צו זיי קיין אַמעריקע, ווו ס'וועט איר אימערצעשעם גאָרנישט פעלן. און איצט זאָל זי, למען השם, אים וואָס גיכער אָנשרייבן איר גענויעם אַדרעס, ער זאָל קאָנען פּאַרטיק מאַכן פאַר איר די פּאַפּירן. און ער גריסט זי האַרציק און זיין פרוי און זיין זון אויך. הכּלל, אַ בריוו, וואָס בעסער און פריינטלעכער דאַרף מען נישט.

איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט חוהלעס פּנים גע־פלאַמט פון פרייד און איבערראַשונג. אויף אַזאַ גיכן און וואַרעמען ענטפער האָט זי זיך גאָרנישט גערעכנט. פאָרט, הייסט עס, אייגן בלוט און פלייש. אויב אַזוי, איז זי נאָך נישט פאַרלוירן. זי איז געווען שטאָלץ פון איר קלוגן איינפאַל. פאַרשידענע פאַנטאַזיעס האָבן זיך אָנגעהויבן

צעשפּילן אין איר ווייבערשן מוח. זי האָט אַמאָל געלייענט:
ווי אַ פּרינץ האָט זיך פאַרליבט אין אַן אָרעם מיידל
און זי געמאַכט גליקלעך. אָדער וועגן אַ מיידל אַ יתומה,
וואָס איר חתן האָט זי פאַרפירט און דערנאָך אַוועקגעוואָרפן,
זיך פאַרליבט אין אַ צווייטער. ווי דאָס מיידל, נישט קאָ־
נענדיק אַריבערטראָגן דעם פאַרדרוס און נישט האָבנדיק
קיין מיטלען צום לעבן, האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד.
און ווי זי איז מיט אַמאָל אויפגעריכט געוואָרן דורך אַ
ירושה פון אירם אַ קינדערלאָזער רייכער קרובה... זי האָט
אַליין געלאַכט איבער די דאָזיקע נאַרישע מעשיות, נאָר
אירע געדאַנקען האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן, ווי אַזוי
דאָס אַדורכצופירן. ווי אַזוי מאַכן, דער מאַן פון די צוויי
ווייבער זאָל נישט „דערקנאַסן" דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס
זי גרייט צו, כדי זיך פון אים צו באַפרייען אויף שטענ־
דיק. דאָס בעסטע וואָלט געווען, זי זאָל קאָנען פאָרן קיין
אַמעריקע מיט אַראָנאָוום הסכם, כדי אַזוי אַרום אויסצו־
מיידן אַ סקאַנדאַל.

איז איר איינגעפאַלן זי זאָל זיך מיט אים דורכרעדן
מכוח אָט דעם רייכן אַמעריקאַנער קוזין, וואָס ווייסט זיכער
נישט וויפל ער פאַרמאָגט. און היות ווי זייער ביסל געלט
לאָזט זיך שוין באַלד אויס, וואָלט אפשר נישט געשאַדט אים
אָנצושרייבן אַ בריוול, ער זאָל זיי אַרויסהעלפן מיט אַ פּאָר
דאָלאַר. זי איז זיכער, אַז ער וועט איר נישט אָפּזאָגן.
אַזוי אַרום, האָט זי געטראַכט, וועט זי קאָנען דירעקט
קאָרעספּאָנדירן מיטן קוזין און אים אָנגעבן איר אַדרעס
פאַר די נייטיקע פּאַפּירן.

דעם זעלבן טאָג האָט זי פאַרפירט מיט אַראָנאָוון אַ
שמועס, אים דערציילט די מעשה, צוגעבנדיק, אַז פאַר זיך
וואָלט זי קיינמאָל ביי קיינעם גאָרנישט געבעטן. ער איז
טאַקע אַ קוזין און אפשר נישט אַזוי ווי אַנדערע רייך גע־

וואָרענע אַמעריקאַנער, וואָס ווילן מער קײנעם נישט העלפן. זי געדענקט זײַן גוטן כאַראַקטער, ווי אַזוי ער פלעגט שטיצן זײַן מאַמע, זיכער וועט ער איר נישט אָפּזאָגן זײַן הילף. פונדעסטוועגן וואָלט זי עס נישט געטאָן. אויב זי וויל עס יאָ טאָן, איז עס נאָר צוליבן קינד, ס׳זאָל, חלילה, נישט לײַדן.

אַראָנאָוו, וואָס האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן פֿאַרדאַכט, האָט זיך אָנגעכאַפּט אין עוואַס געדאַנק און געהײסן איר באַלד שרײַבן אַזאַ בריוו צו איר אַמעריקאַנער קוזין.

פֿאַרשטענדלעך, אַז חוהלע האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו צום קוזין גאָר אַן אַנדערן: אַז זי איז ממש משוגע פֿאַר פֿרייד איבער זײַן בריוו, אַז ס׳איז נישט צו באַשרײַבן, ווי גליקלעך זי איז, וואָס עמעצער פֿון איר פֿאַמיליע וויל איר העלפֿן אין איר מצב; אַז זי האָפֿט צו קאָנען זײַן דאַנקבאַר און ווײַסן ווי אַזוי צו שעצן אַזעלכע טײַערע און האַרציקע מענטשן; אַז גאָט וועט זיי זיכער באַצאָלן פֿאַר דער מצווה צו העלפֿן אַן עלנטע אין איר נויט וכדומה. זי האָט אָבער אַ בקשה צו איר קוזין, ער זאָל אין זײַן נאָענטסטן בריוו, צוליב געוויסע טעמים, שרײַבן, אַז ער וויל אומבאַדינגט, זי זאָל קומען אויף אַ באַזוך צו אים קײן אַמעריקע; אַז ער וויל זײער גערן זען זײַן קוזינע, די אײנציקע, וואָס איז אים פֿאַרבליבן כמעט פֿון זײַן גאַנצער פֿאַמיליע.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און חוהלע האָט אַזאַ בריוו פֿון איר קוזין דערהאַלטן מיט דער בשורה, אַז ער שיקט איר אַרויס הונדערט דאָלאַר און בעט זי זײער, זי זאָל קומען מיטן קינד צו אים קײן אַמעריקע אויף אַ באַזוך. ער וואַרט בלויז אויף איר באַלדיקן ענטפֿער, וועט ער איר שיקן אַ שיפֿסקאַרטע און שפּעטער וועט שוין אַלץ זײַן אָלרײַט.

די שמחה אין שטוב איז געווען אין לשער. שוין אָפּגערעדט פון חוהלען, וועלכע האָט זיך שוין געזען אַן אַמעריקאַנערין. איר קינד וועט זי אפשר קאָנען לאָזן שטודירן, געבן אַ גוטע דערציאונג, און זי גופא — זען אַ נייע וועלט, נייע מענטשן, אַ ניי לעבן. זי האָט געשטראַלט פאַר פרייד און איז יעדע ווײַלע צוגעפאַלן צום קינד און עס האַרציק געקושט. אַראַנאַוו ווידער האָט געזען דערין אַ גרויסע ישועה פאַר זייער צוקונפט. עפּעס אַ קלייניקייט, מיט זיין עוואַס איינציק בריוול זאָל אַן אַמעריקאַנער קוזין גלייך זיך כאַפּן צום פאַרטפעל, אַוועקשיקן הונדערט דאָלאַר, בעטן זי זאָל קומען אים באַזוכן, איר שיקן אַ שיפסקאַרטע.

חוהלע האָט תיכף געענטפערט איר קוזין, אַז זי איז גרייט צו קומען צו אים מיטן קינד, מיטגעשיקט איר געבוירןשיין מיט אַלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן, וואָס דער קוזין האָט פון איר פאַרלאַנגט אינעם פריערדיקן בריוו, און זיך געגרייט צו דער רייזע.

3

ווען חוהלה איז האַרבסט-צייט געקומען אין אַמעריקע, איז שוין איר קוזינס זון דזשעק געווען געגט מיט זיין פרוי. טאַקע אַ טאָג פריער האָט דאָס געריכט אַרויסגעטראָגן דעם פסק. זייער זעקסיאָריק מיידעלע, לילי, איז אים געגעבן געוואָרן צו דערציען. דאָס האָבן זיינע אַדוואָקאַטן מיט פאַרשידענע דריידלעך באַוויזן איבערצוצייגן די ריכטער אינעם ריכטיקן און פּראַקטישן פאַרלאַנג פון טאַטן, מאָטיווירנדיק, אַז אַזאַ מין פרוי וועט נישט זיין אימשטאַנד צו געבן איר קינד אַ לייטישע דערציאונג. דער מוטער איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו זען איר קינד ווען זי וועט נאָר וועלן.

די מאַמע, די „פּאַנפערראַנקע”, איז גאַרנישט געווען אַזוי שטאַרק אומצופרידן פונעם אויסגאַנג פון פּראָצעס. זי האָט זיך געטראַכט: זאָל ער האָבן דעם עול פון דערציען ס׳קינד, און זי וועט זיך זיין אַ פרייער פויגל, קאָנען נאָך מער ווי פריער אַרומבאַלעווען מיט אירע באַיעס. אויף אויסצוהאַלטן זיך האָט דאָך דאָס געריכט באַשטימט דזשעקן איר צו צאָלן אַ באַשטימטע סומע. וואָס דאַרף זי מער?

מיסטער סטאַר עט קאָמפּאַני, עוואַס קוזין, איז געווען ביז גאָר צופרידן פון אורטייל. מיט אַ טאָפּעלער צופרידנקייט איז ער אויף צומאָרגנס געפאָרן מיט זיין גרויס־אַרטיקן לוקסוס־אויטאָמאָביל צו דער שיף אָפּוואַרטן חוהלען. ביים קוזין, מיסטער סטאַר, האָבן זיך דערוועקט די זכרונות פון אַמאָל. ביי אים ערגעץ אין אַ ווינקעלע איז נאָך געבליבן באַהאַלטן אַ שטיקל געפיל פון דער אַלטער היים. ער האָט אין האַרצן אָנגעקוואָלן פון זיין שיינער, גראַציעזער קוזינקע. אויך איר יינגעלע איז אים געפעלן געוואָרן. ער האָט אין אים אַנטדעקט אַ שטאַרקע ענלעכקייט צום פעטער אהרן — עוואַס פאָטער.

אַ גערירטע פון דעם האַרציקן און וואַרעמען קבלת־פּנים, האָט חוהלע געשיינט ווי אַ שטיק גאָלד. באַהויכט מיט גליקלעכע פאַנטאַזיעס איז זי געפאָרן צום קוזין, מיסטער סטאַר, וווּ ס׳האָט שוין אויף זיי געוואַרט אַ פיין־געדעקטער טיש צום מיטאָג־עסן.

ווען דזשעק, וועלכער איז אויך געווען אויף מיטאָג ביי זיינע עלטערן, האָט זיך באַקענט מיט חוהלען, איז זי אים גלייך געפעלן אין אויג אַריין. ער האָט מער נישט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק פון איר, באַוואָרפן זי מיט קאָמפּלימענטן, אַז כאָטש זי איז אַ „גרינע” קאָן זי זיך נישט פאַרשעמען פאַר די אַמעריקאַנער פרויען, ווועמענס שיינקייט

באַשטייט נאָר אין שמינקען און פאַרבן זיך און דאָס איז אַלץ. דאַקעגן חוהלע, זאָגט ער, איז אַ נאַטירלעכע שיינהייט.

דזשעק איז באַלד געוואָרן מיט איר זייער היימיש און ער האָט גענומען זי רופן עוולין, איר פאַרגעלייגט אַרומצוגיין מיט אים, כדי איר צו ווייזן אַמעריקע.

פאַר איר איז געווען צוגעגרייט אַ לוקסוס־צימער מיט אַלעם נייטיקן לויטן אַמעריקאַנער שטייגער. פאַר איר ייִנגעלע, צוזאַמען מיט דזשעקס מיידעלע לילי, איז געווען באַשטימט אַ פרוי צום דערציִען.

אַוודאי איז עוולין געווען אַנטציקט פון די אַלע ניו־יאָרקער ערטער, וואָס דזשעק האָט איר געוויזן. טייל זאַכן זענען פאַר איר, נאַטירלעך, געווען אומגלויבלעך. אויך פון דזשעקן איז זי געווען צופרידן. ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ דזשענטלמאַן. די איינציקע שוועריקייט איז געווען די שפּראַך. עוולין האָט נישט גערעדט קיין ענגליש און דזשעק — נישט קיין גוטן יידיש. אָבער נאָך עטלעכע וואָכן פאַרברענגען צוזאַמען האָט מען זיך אָנגעהויבן גוט פאַרשטיין...

אין אַ פרימאָרגן, ווען די גאַנצע פאַמיליע סטאַר האָט געגעסן פרישטיק, האָבן עוולינס און דזשעקס בליקן זיך אָנגעקוקט ווי פאַרשעמטע, עפּעס האָבן זיי זיך נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן אַריין, בלויז אַ שמייכל האָט עפּעס פאַרענטפערט. מיסטער סטאַר מיט זיין פרוי זענען געווען מלא שמחה, ווען דזשעק האָט זיי אין אַ שיינעם טאָג דערקלערט, אַז עוולין איז זייער אַ ווילע, ער „גלייכט" זי זייער, זי געפעלט אים מער פון אַלע אַנדערע מיסים, וועלכע ער האָט ביז איצט געקענט. ער איז גרייט זי צו נעמען פאַר אַ ווייב. איר פאַרגאַנגענהייט גייט אים ווייניק אָן, פונקט אַזוי ווי זיין פאַרגאַנגענהייט, גלויבט ער, וועט

איר נישט אָנגיין. די צוויי קינדער, זיין לילי און איר האַרי, וועלן זיך דערציען צוזאַמען ווי שוועסטער און ברידער און דאַרפן פון קיין זאַך נישט וויסן. זיי האָבן זיך אָבער נישט צוגעכאַפּט צו זיין פאָרשלאָג אין ערשטן אָנבליק, געוואָלט זיין איבערגעצן זיכער אין דער ערנסטקייט פון זיינע רייד, האָבן זיי געפּרוווט מיט אים איינטענהן. גוט, האָבן זיי געזאָגט, אַלץ איז ווויל און פיין, זי געפעלט דיר, דו ליבסט זי, נו? און זי? עוולין, וואָס וועט זי זאָגן דערצו? דו דאַרפסט דאָך איר אויך, דוכט זיך, געפעלן? יאָ, צי ניין? דאַרף מען דאָך ביי איר אויך אַ פרעג טאָן, נישט אמת?

— אָ, יעס! ענטפערט דזשעק — אָקעי! און אויב איר ווילט וויסן, האָב איך שוין מיט איר דערוועגן גערעדט און איר ענטפער איז געווען נישט קיין נעגאַטיווער. איבע־ריקנס, וויל ער זיך שוין איצט, זאָגט ער, פאַרלאָזן אויף דער מיינונג פון זיינע עלטערן, און אויב זיי זענען מסכים, וויל ער, אַז זיי זאָלן מיט איר אַ שמועס טאָן.

— אָט אַזוי — שרייט אוים מיסטער סטאַר — אַזוי גע־פעלסט דו מיר! דו האָסט צוטרוי צו דיינע עלטערן. וועלן מיר טאַקע איר דאָס פאָרלייגן און מעגסט זיין זיכער, אַז אַלץ וועט זיין אָלרייט.

ס׳איז טאַקע אַלץ געווען אָלרייט. מען האָט געפּראַ־וועט אַ חתונה. דזשעק און עוולין און דזשעקס עלטערן — אַלע זענען געווען איבערגליקלעך.

איין זאַך האָט אַביסל באַאומרואיקט עוואַן, גע־ווירבלט איר אין מוח: אַראָנאָוו. עפּעס האָט זי געפילט, אַז זי האָט שלעכט געהאַנדלט לגבי אים. אוודאי האָט זי געקענט בלייבן שטיל, אים גאָרנישט געבן צו וויסן וועגן זיך. אין תוך איז דאָך איר פאָרן קיין אַמעריקע געווען מיטן ציל פון אים צו אַנטלויפן. איר אַדרעס האָט זי אים

בכיוון נישט איבערגעלאָזט און ער וואָלט נישט געוווּסט, ווי זי צו זוכן. נאָר איר געווויסן האָט זי אַביסל געמאַטערט. פאָרט געלעבט מיט אים עטלעכע יאָר. און סוף־כל־סוף איז ער דאָך דער טאַטע פון איר קינד. האָט זי דעריבער בערך א האַלב יאָר נאָך דער חתונה מיט דזשעקן אָנגעשריבן צו אַראָנאַוון אַ בריוו בזה הלשון:

„טייערער, זאָלסט זיך נישט וווּנדערן, וואָס כ׳האָב דיר ביז איצט נישט געשריבן. אויך היינט איז מיר דער בריוו צו דיר נישט לייכט אָנגעקומען. כ׳ווייס, אַז ער וועט דיר קיין פרייד נישט פאַרשאַפן. איך האָב אָבער דאָך זיך געמוזט נעמען דעם מוט דיר איבערצוגעבן, אַז דו האָסט אויף מיר מער נישט צו וואַרטן און האָפן. איך פאַרבלייב מיטן קינד אין אַמעריקע. איך בין שוין זינט אַ פּאָר מאָנאַטן געזעצלעך פאַרהייראַט מיט אַ מאַן אין מיין עלטער, וואָס האָט מיך ליב ביז משוגעת. פאַר מיר מיטן קינד איז אים גאָרנישט צו טייער. ער פאַרגעטערט אונדז. דערצו איז ער זייער רייך און נישט קיין פרעמדער. מיין קוזינס יינגסטער זון. מיר זענען זייער גוט איינגעאָרדנט, אונדזערע קינדער לעבן אַזוי, אַז הלוואי אויף אַלע קינדער געזאָגט געוואָרן. כאָטש איך ווייס, אַז דאָס וועט דיך מאַכן טרויעריק, דאָך בעט איך דיך, זאָלסט אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן. איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט. ס׳האָט מיך דערצו געשטויסן דאָס, וואָס כ׳האָב ביי דיר נישט געזען קיין שום צוקונפט פאַר מיר און דער עיקר פאַרן קינד, מיין איינציקער טרייסט. און אפשר האָט דער גורל אַזוי געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיך קאָנען אַזוי אַרום אומקערן צו דיין פרוי און קינד, וואָס לגבי זיי פיל איך זיך געוואַלדיק שולדיק. ערשט היינט, שוין אַביסל אַ דערוואַקסענע און אַ מער דערפאַרענע, הייב איך אָן צו פילן און באַנעמען די זינד פון אַזאַ זאַך, ווי אַוועקצונעמען אַ מאַן פון אַ פרוי

און קינד. דו װעסט אָבער צוגעבן, אַז דאָס איז געװען דײַן פּלאַן און פֿאַרלאַנג. איך, אַ נאַריש קעלבל, אַ פּאַרטשאַדעטע פֿון דײַנע ליבע־װערטער, האָב זיך געלאָזט אַרײַנפֿירן אין אַזאַ אַװאַנטורע, װאָס פֿײַניקט די גאַנצע צײַט מײַן געװיסן. אָבער פֿאַרפֿאַלן, װאָס געװען איז געװען. ס'איז אוממעגלעך צוריקדרײען דאָס ראָד... שװער צו פֿאַרריכטן דעם דאָזיקן פֿעלער. דערפֿאַר בין איך צופֿרידן, װאָס ס'איז אַזױ געשען און כ'װעל האָבן די מעגלעכקײט כאָטש מאַטעריעל דײַן פֿרױ צו העלפֿן, װען זי װעט זיך נאָר נױטיקן דערין. כ'װעל זײַן איבערגליקלעך, װען זי װעט עס אָנעמען און מיר מוחל זײַן פֿאַר מײַן יוגנטזינד. אױך דו, װײַל איך, זאָלסט מיר מוחל זײַן פֿאַר מײַן אפֿשר נישט פֿײַנער האַנדלונג. װען דו װעסט אָבער אַ טראַכט טאָן װעגן דער גליקלעכער צוקונפֿט פֿון אונדזער קינד, פֿאַר װעמען עלטערן זענען זיך מחויב מקריב צו זײַן, װעסטו מיר זיכער פֿאַרגעבן. אַדיע, מײַן טײַערער, זײַ האַרציק געגריסט, דײַן עװאַ."

אַראָנאָװ האָט כסדר געװאַרט אױף אַ בריװ פֿון זײַן עװאַ, געװאָלט הערן גוטע נײַעס פֿון איר מיטן קינד. ס'זענען אָבער אַװעק טעג, װאָכן און חדשים און קײן בריװ איז נישט אָנגעקומען. איז ער געװאָרן אױסער זיך. װער װײסט, װאָס מיט זײ האָט פּאַסירט? אָן אַ שיעור בײזע מחשבות האָבן געעקבערט זײַן מוח. ס'איז בײַ אים אפֿילו שױן גע־בױרן געװאָרן אַ געדאַנק, אַז איר קוזין אין אַמעריקע איז גאָרנישט אַזאַ װי מ'האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. װער װײסט, אפֿשר איז ער גאָר אַ פֿרױען־הענדלער? אפֿשר האָט ער זי אױף אַזאַ אופֿן בלױז פֿאַרנאַרט? אַ קשיה אױף אַמעריקע? ער האָט זיך געיאַדעט, נישט געקאָנט זיך שענקען, פֿאַר װאָס ער האָט זי געלאָזט אַלײן פֿאָרן. אױב דער קוזין האָט דװקא געװאָלט, אַז זי זאָל קומען אים זען, טאָ פֿאַר װאָס נישט אױך מיטן מאַן? אױב ער איז טאַקע אַזױ רײַך,

האָט דאָך אים געמעגט סטייען אויף הוצאות אויך פאַר מיר?

און אפשר איז זי גאָר שווער קראַנק געוואָרן און קאָן אים נישט שרייבן? ווען די שיף וואָלט, חלילה, דערטרונקען געוואָרן, וואָלטן דאָך די צייטונגען דערפון געשריבן? צענדלי־קער אַנדערע אַזעלכע פראַגן האָבן אים געפייניקט גאַנצע טעג און נעכט. ער האָט פאַרלוירן דעם חשק צום עסן, גענומען זייער שטאַרק רויכערן. וואָס, וואָס, נאָר אַז זיין עוואַ וועט אים אַזוי באַהאַנדלען, איז אים לגמרי נישט איינגעפאַלן. ביז איינמאָל אַ פרימאָרגן, ווען ער האָט אַ מידער פון גאַנצע נעכט נישט שלאָפן, אינדערפרי אַ פאַר־זונקענער אין טיפע חלומות, געכאַפּט אַ שלאָף, האָט דער בריוו־טרעגער אים אויפגעוועקט און אים דערלאַנגט אַ בריוו פון אַמעריקע. ס'איז נישט שווער זיך פאַרצושטעלן, וואָס ער האָט אין דער רגע דורכגעלעבט. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער האַסטיק געעפנט דעם בריוו, גענומען לייענען און איז תיכף בלייך געוואָרן ווי די וואַנט. אַ קאַלטער שוויים האָט אים באַגאָסן. ס'האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, ער איז שיער נישט געפאַלן אין חלשות, ער האָט נישט געוואָלט גלויבן, וואָס ער לייענט. נישט אַנדערש ווי דער שטיפערקע האָט זיך פאַרגלוסט מיט אים אַ שפּאַס צו טאָן, אַפּנים, אַז זי איז דאָרט גוט אויפגעלייגט, האָט ער אין פלוג געוואָלט זיך איינרעדן.

ערשט ווען ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, און נאָך אַמאָל, און אַ דריט מאָל איבערגעלייענט דעם בריוו, און אויך איר אַדרעס אויף צוריק, עוולין סטאַר, האָט ער ערשט דערזען, אַז דער בריוו איז נישט געשריבן אויף צו טרייבן קאַטאָוועס. איצט ערשט האָט ער דערפילט זיין בראָך.

אַ שטורעם פון מחשבות און געפילן האָט אין אים

אַרומגעבושעוועט: ווי איז עס מעגלעך? צי קאָן עס געמאָלט זיין, אַז זיין צאַרטע, איידעלע עוואַ זאָל זיין פעאיק אים אַזוי אָנצוּלערנען? אָט די עוואַ, וואָס האָט די גאַנצע צייט פון זייער צוזאַמענלעבן צו אים אַרויסגעוויזן אַזאַ איבער־געגעבענע ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט, ווי איינע, וואָס וועט שוין מער נישט קענען לעבן אָן אים? ס'איז נישט מעגלעך, אַז זי זאָל עס זיין שולדיק אין דעם. גיכער איז עס די שולד פון איר קוזין מיטן גראָבן טייסטער. דאָס האָט ער איר איבערגערעדט אַזוי צו האַנדלען, און זי — פאָרט נישט מער ווי אַ פרוי — האָט זיך געלאָזט פון אים איינ־רעדן.

אַזוי צי אַזוי, נאָר ער האָט זיך דערפילט שרעקלעך אומגליקלעך און דערשלאָגן. ער האָט מיט איין מאָל פאַר־לוירן זיין טייערע, שיינע עוואַ. קיינמאָל וועט ער זי נישט מער זען, סיידן אין חלום. צערונען זענען זיינע אילוזיעס וועגן דער הילף פון דעם רייכן אַמעריקאַנער קוזין. ס'איז אים איצט געווען פאַרשטענדלעך יענעמס בריוו צו עוואַן: „זי זאָל קומען קיין אַמעריקע, און שפּעטער וועט שוין אַלץ זיין אָלרייט". ס'וועט טאַקע זיין „אָלרייט" פאַרן קוזין מיט זיין זונדל, אָבער נישט פאַר אים. פאַר אים באַטייט עס אונטערגאַנג, אי מאָראַליש, אי מאַטעריעל. אמת טאַקע, עוואַ האָט אים איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע ביסל געלט צום לעבן. אָבער אויף ווי לאַנג קאָן עס סטייען?

ערשט דערפילנדיק זיין געפאַלנקייט, האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז דער גורל האָט אים באַצאָלט מידה כנגד מידה: אַזוי ווי ער האָט געהאַנדלט, אַזוי האָט מען אים איצט אויך באַהאַנדלט.

הגם פון דער נאַטור איז אַראָנאָוו נישט געווען שטאַרק סענטימענטאַל, האָט אים דאָך דאָס געוויסן אַ קלעם גע־

טאָן און ער האָט זיך דערמאָנט אין דער געוואַלדיק גרויסער עוולה, וואָס ער איז באַגאַנגען לגבי זיין פרוי און קינד. ער האָט געגומען שפּינען פּלענער און זוכן מיטלען, ווי אַזוי תשובה צו טאָן. דער עיקר האָט זיין קאָפּ געאַרבעט, ווי אַזוי ער זאָל זיך צוריק קאָנען טרעפן מיט זיין ערשטער פרוי און קינד. ער וועט איר פּשוט פאַלן צו די פיס, בעטן זי זאָל אים מוחל זיין פאַר זיין ברוטאַלער עגאָאיסטישער האַנדלונג. ער וועט איר זאָגן, אַז ס'איז נישט געווען זיין שולד, אַז דאָס האָט זי, די פאַננאַ עוואַ, זיין קאָפּ פאַרדרייט, אים דערצו אָנגערעדט, און ער איז געווען נישט גענוג שטאַרק בייצושטיין דעם נסיון. ער האָט זיך געלאָזט פאַרנאַרן אין איר פּולאַפּקע און דערמיט צעבראָכן זיין פאַמיליען-לעבן. יאָ, ער וועט איר שווערן, אַז קיינמאָל, קיינמאָל וועט שוין אַזעלכעס מער נישט פּאַסירן. ערשט איצט וועט ער וויסן אויף אַן אמת, ווי אַזוי זי צו שעצן. ער וועט אַלץ טאָן, אַרבעטן די שווערסטע אַרבעט, אַבי זי זאָל שוין פון היינט אָן זיין ביי אים גליקלעך, אַבי זי זאָל פאַרגעסן, אָדער זיך מאַכן פאַרגעסן אָן דעם, וואָס איז געווען. ער האָט זיך ביסלעכווייז איינגערעדט, אַז אַלץ וועט ווידער ווערן גוט; זי וועט זיכער פאַרשטיין, אַז אַ מענטש איז סוף-כל-סוף נישט מער ווי אַ מענטש און יעדער איינער קאָן זיך אינעם לעבן באַנאַרישן.

ווו נעמט מען אָבער דעם מוט דערצו? און פון וואָס אָנהייבן? קודם כל מוז ער דאָך זיי גיין געפינען צוריק אינעם שטעטל. ווי וועט אָבער זיין, אַז ער וועט זיי דאָרט מער נישט טרעפן? ס'איז דאָך מעגלעך, אַז דורך דער צייט האָבן זיי פון דאָרט אויסגעוואַנדערט? ס'האָט אים אויך באַהערשט אַ מורא זיך צו באַווייזן אינעם שטעטל, מען זאָל אים דאָרט נישט באַוואַרפן מיט שטיינער, אָנברעכן די ביינער, אַזוי ווי ער האָט עס זיך כשר פאַרדינט.

אַז זיין פרוי לעבט שוין נישט מער, איז אים לחלוטין נישט איינגעפֿאַלן צו טראַכטן.

נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת האָט ער באַשלאָסן זיך אָנצוטאָן אַ כוח און דאָך צופֿאָרן אַהין אין שטעטל, ער וועט זיך באַמיען ער זאָל דאָרט אָנקומען שפּעט אין דער נאַכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל שלאָפֿט און מען קאָן זעלטן וועמען דעמאָלט באַגעגענען. די עלעקטרישע באַלויכטונג ווערט אויסגעלאָשן אַרום צוועלף ביינאַכט און די צוויי נאַכטוועכטער, וואָס היטן דאָס שטעטל פֿון אַ שריפה וכדומה, וועט ער זיך באַמיען אויסצומיידן. ער וועט צוגיין צו דער הייזקע, ווו ער האָט געוווינט און זען וואָס ס׳הערט זיך: וועט זיין פרוי אים אויפנעמען מער ווייניקער לויט זיין ווונטש, איז דאָך אוודאי גוט. און אויב נישט, מילא איז נישט. איבעריקנס, וואָס האָט ער דען דאָ שוין צו פֿאַרלירן? אין זיין איצטיקן מצב זעט ער דאָך זיך שוין סיי ווי סיי אַ פֿאַרלוירענער. אַחוץ דעם וועט ער דאָך כאָטש קאָנען זען זיין מירעלע, וואָס מוז שוין היינט זיין אַ גאַנצע פּאַניענקע. ער האָט זיך געטרייסט, אַז טאָמער וועט זיין פרוי אים מער נישט וועלן זען, וועט אפשר דאָס קינד זיך נישט וועלן אינגאַנצן אָפּזאָגן פֿון אים, פֿאָרט איר טאַטע. מיט אַמאָל האָט זיך זיין פֿאָטערלעך האַרץ אין אים דערוועקט, ס׳האָט אים באַהערשט אַ געוואַלדיקע בענקשאַפֿט צום קינד. ער האָט געוואָלט עס שוין וואָס גיכער זען, צודריקן עס צו זיך, געהאָפֿט, אגב, דערמיט אויך צו דערוועקן רחמנות צו זיך, ס׳זאָל ווירקן אויף דער מאַמען לטובת זייער שלום בית.

אָט די אַלע געדאַנקען האָבן אים אָנגעפּילט מיט מוט און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אין שטעטל גופא איז ער נישט אַריינגעפֿאָרן. ער איז

אָפּגעשטיגן אויף אַ סטאַציע פריער און פון דאָרט האָט ער געשפּאַנט צופוס, ביז ער איז אַהין אָנגעקומען אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט. ער איז געגאַנגען אין דער ריכ־טונג פון יוזיפּ גאַרבערס געסל, שטילערהייט געוואָלט זיך צוקריגן צו דער הייזקע, ווו ער האָט אַמאָל געוווינט. אַלץ וואָלט אַדורך בשלום, ווען נישט, וואָס מעשה שטן, איז אים פונקט אַנטקעגנגעקומען משה דאָבסקי, דער פעלדשער. ער איז גראָד געגאַנגען פון אַ קראַנקן, ווען ער האָט געשטעלט באַנקעס. הערנדיק טריט האָט ער באַלויכטן מיט זיין עלעקטרישן טאַשן-לעמפּל דאָס געסל און באַמערקט ווי עמעצער שאַרט זיך עפּעס דאָרט ביי די ווענט. האָט ער אויסגערופן: — קטאָ טאַם? ווער איז דאָרט?

—סוואָי! — אַן אייגענער! — האָט אַראָנאָוו געענט־פערט, ציטערנדיק פאַר שרעק. צוגעקומען אַביסל נעענטער, האָט משה דאָבסקי, דער רופא, גענומען פרעגן: ווער זענט איר? וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט ביינאַכט? ער האָט דערביי געהאַט אַ חשד, אַז עס איז אפשר גאָר אַ גנב. האָט שוין אַראָנאָוו אים געמוזט מגלה זיין דעם סוד, ווער ער איז און אַז ער איז געקומען אָפּזוכן זיין פרוי און קינד.

ערשט איצט האָט משה דאָבסקי דערקענט, אַז דאָס איז ער טאַקע דער „גוטער" מאַן און „הייסער" טאַטע, וואָס האָט אַזוי „מענטשלעך" באַהאַנדלט זיין פרוי און קינד. וויסנדיק וואָס מיט זיי איז געשען, האָט ער צו אים גע־זאָגט: אומזיסט אייער טירחה, ר' ייד, אייער פרוי לעבט שוין נישט מער!

אַראָנאָוו האָט זיך יאָמערלעך צעוויינט, נישט גע־קאָנט זיך באַהערשן און שלוכצנדיק זיך געפרעגט: און מיין קינד? וואָס האָט פּאַסירט מיטן קינד? ווו איז מיין קינד?

משה דאָבסקי, הגם ער האָט פון דער נאַטור נישט געהאַט קיין ווייכע נשמה, ווי די טבע איז ביי דאָק־טוירים, איז דאָס מאָל דאָך משמעות געוואָרן גערירט פון אַראָנאָווס טרערן און ער האָט אים פאַרגעלייגט צו גיין צו אים אַהיים, ווו ער וועט אים אַלץ דערציילן.

אין שטוב זענען שוין אַלע געשמאַק געשלאָפן. משה דאָבסקי האָט צעבלאָזן דעם סאַמאָוואַר און טרינקענדיק טיי מיט אַראָנאָוון, אים דערציילט דעם פאַרלויף פון דער גאַנצער געשיכטע: ווי זיין פרוי איז שווער קראַנק געוואָרן און דער דאָקטאָר האָט באַפוילן זי גלייך אַריבערצופירן אין לאָסקער שפּיטאָל, ווו זי איז דאָרט נאָך אַ קורצער צייט געשטאָרבן. איבערן קינד האָט זיך מרחם געווען דער דענטיסט ליפּשיץ, וואָס פלעגט קומען אין שטעטל פון לאָדזש צוויי טעג אין דער וואָך אויף צו היילן די ציין ביי זיינע פּאַציענטן. ער האָט דאָס קינד געלאָזט אונטערזוכן ביי די לאָדזשער דאָקטוירים, אויב ס׳איז פולשטענדיק געזונט, דער־נאָך האָט ער עס גענומען צו זיך קיין לאָדזש. דעם קינד איז ביי זיי ווויל ווי די וועלט, עס וואַרט דערצויגן אין עושר און כבוד. זי רופט זיי פּאַפּאַ־מאַמאַ, ווייסט פון קיין זאַך נישט. מיט צוויי וואָכן צוריק האָבן די ליפּשיצעס זי אַהערגעבראַכט אויף די צוויי טעג, וואָס זיי זענען דאָ געווען. זי איז שוין אַ דערוואַקסן מיידעלע, שיין ווי גאָלד. אַלע דאָ האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט איר.

ביי אַראָנאָוון האָבן זיך ווידער באַוויזן טרערן אין די אויגן. דאָס מאָל מסתמא פאַר פרייד, וואָס ער הערט אַזאַ נחת פון זיין מירעלען. אין האַרצן איז ער געווען דאַנק־באַר די מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט זיין קינד, בע־סער ווי אייגענע עלטערן. ער האָט אָפּגעזיפצט. משמעות זיך ווידער דערמאָנט אין זיין פרוי, אין מאַשאַ, און אפשר אויך אין עוואַן... ווער ווייסט?

ער האָט געבעטן דעם רופא משה דאָבסקי, דערלויבן אים צו בלייבן נאָך אַ צוויי שעה. אין באַגינען וועט ער זיך לאָזן אויפן וועג קיין לאָדזש און וועט אויפזוכן דעם אַדרעס פון דענטיסט ליפּשיץ, בכדי זיך דאָרט צו טרעפן און זען זיין קינד, מירעלע.

4

אינעם זעלבן טאָג נאָך האָט אַראָנאָוו באַוויזן צו קו־מען קיין לאָדזש. אָן שוועריקייט האָט ער געפונען דעם אַדרעס פונעם דענטיסט ליפּשיץ און איז באַלד דאָרט אַהין געגאַנגען. אין וואַרטע־צימער האָט ער געטראָפן אַ צאָל פּאַציענטן. ס׳איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט און אַראָנאָוו איז געווען דער לעצטער אין דער ריי. דעריבער האָט ער גע־וואַרט מיט גרויסער אומגעדולד, געוואָלט שוין וואָס גיכער אויפגענומען ווערן דורכן דענטיסט, כדי אים צו דערציילן וועגן וואָס אייגנטלעך ער איז צו אים געקומען.

פון לויטער אויפרעגונג האָט ער אינגאַנצן ווי גע־פיבערט, נישט געקאָנט איינזיצן אויף אָן אָרט. אַלע ווײַלע זיך אויפגעהויבן פונעם פאָטעל, נערוועז געשפּאַנט איבערן צימער. די אַנדערע פּאַציענטן, מיינענדיק, אַז דאָס פייניקט אים אַזוי שטאַרק דער צאָנווייטיק, האָבן דערוויל פאַרגעסן אין זייערע אייגענע ווייטיקן. זיי האָבן שיער נישט, אויס רחמנות, אים אָפּגעטראָטן זייער ריי, כדי ער זאָל וואָס שנעלער געלינדערט ווערן פון זיינע ליידן.

אַראָנאָוו וואָלט עס אפשר סיי ווי נישט אָקצעפּטירט, מחמת ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין ענין וועט דאַרפן פאַרנעמען אַ לענגערע צייט. ס׳וועט זיכער נישט לאָזן זיך מאַכן אַזוי אויף איין פוס. און אויב ס׳וועלן נאָך אויפן דענטיסט וואַרטן פּאַציענטן, וועט ער מעגלעך נישט וועלן מיט אים פאַרלירן צופיל צייט. דעריבער, הגם אַ מינוט

האָט ביי אים אויסגעקוקט ווי אַ יאָר, איז ער פּאָרט געווען צופרידן צו זיין דער לעצטער.

ענדלעך איז געקומען זיין ריי, דער דענטיסט האָט אים אַריינגערופן אין קאַבינעט, געבעטן זיצן און ווי דער שטייגער איז, גענומען פרעגן, אויף וואָס ער באַקלאָגט זיך. וואָסער צאָן ס׳טוט אים וויי, אויף וואָס ער האָט באַקומען פון אַראַנאָוון אַן ענטפער, אַז ציינער האָט ער ב״ה געזונטע, ער האָט אָבער גרויס האַרצווייטיק. ער האָט מורא, אַז זיין האַרץ קאָן ביי אים אָט־אָט פּלאַצן.

— איז וואָס זשע זענט איר געקומען צו מיר? — האָט אים דער דענטיסט אָנגעקוקט ווי אַ מענטשן עפּעס נישט ביים קלאָרן זינען — איך בין דאָך אַ צאָן־דאָקטאָר און קען זיך ווייניק אויף האַרץ־קראַנקייטן?

— ס׳איז אפשר אמת, — האָט אַראַנאָוו געענטפערט — אָבער מיין האַרץ קאָנט איר, און נאָר איר, אמבעסטן היילן.

דער דענטיסט ליפשיץ האָט אויף אים אַ קוק געגעבן ווי אויף עפּעס אַן אָנשיקעניש. ער איז געווען פאַרמאַטערט פון אַ טאָג אַרבעט, געוואָלט וואָס גיכער זיין פריי און קאָנען פאַרברענגען מיט זיין פאַמיליע. האָט ער שוין מיט אַ בייזלעכן טאָן זיך אָנגערופן:

— כ׳פאַרשטיי נישט, וואָס איר רעדט צו מיר. איר הערט דאָך, אַז איך בין אַ דענטיסט. טאָ וואָס דולט איר מיר דאָ אַ קאָפּ אינמיטן דערינען? גייט זיך געזונטערהייט צו אַ האַרץ־דאָקטאָר און מיך לאָזט צורו, איך בעט אייך.

אַראַנאָוו האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט באַהערשן און מיט טרערן, וואָס האָבן געשטיקט זיין קעל, גענומען אים דערציילן דעם אמת וועגן זיין קומען אַהער:

— איך היים אראנאוו. איך בין מירעלעס טאטע! —
און ווייזנדיק מיטן פינגער אויפן בילד, וואס איז געשטאנען אויפן שרייבטיש, — דאס איז מיין קינד! מיין מירעלע!

ער האט געכאפט דאס בילד, גענומען עס קושן, באגיסנדיק זיך מיט טרערן. איך בין געקומען צו זען, רעדן מיט איר. כאטש אביסל דערמיט לינדערן מיינע צרות. כ׳ווייס נישט, אויב ס׳איז נאך פאראן א מענטש, וואס זאל זיין אזוי אומגליקלעך ווי איך. אמת טאקע, אז כ׳האב דאס אומגליק זיך אליין גענומען און קאן צו קיינעם קיין טענות נישט האבן. כ׳וויל ווי א מאן צו א מאן אייך דערציילן, ווי אזוי כ׳בין געקומען צו דעם צו פארלאזן מיין פרוי און קינד. כ׳וויל איר זאלט מיך פארשטיין און מיר גלויבן, אז ס׳איז דערביי פארט נישט געווען מיין גאנצע שולד. דער כוח פון א יונגער און שיינער מיידל האט מיך געמאכט אומפעאיק בייצושטיין דעם נסיון. כ׳האב נישט געקאנט פון איר זיך אפזאגן. און דאס האט גורם געווען, אז מיין טייערע, הארציקע מאשא זאל גיין פאר דער צייט פון דער וועלט. זיכער בין איך מיטשולדיק, אבער וואס זאל איך טאן? כ׳קען דאך זיך נישט אפזאגן צו זען מיין קינד? די מוטער האב איך פארלוירן, ווייל איך כאטש האבן מיין קינד. איז דען א פאטער קיין פאטער נישט, דערפאר ווייל ער איז אומגליקלעך? כ׳ווייס, כ׳ווייס און כ׳בין זיכער, אז איר זייט גוט צו איר, אז איר טוט זייער א סך פאר איר, אפשר מער ווי אייגענע עלטערן. כ׳צווייפל גארנישט, אז מיין קינד האט ביי אייך אלץ. אבער איר דארפט דאך פארשטיין, אז איך בין דאך פארט איר פאטער און זי — מיין קינד, מיין בלוט און פלייש.

ליפשיצעס פנים איז געווארן ווייסער פון פארטעך, וואס ער האט געטראגן. א קאלטער שווייס האט אים בא-

גאָסן. ער האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט פֿון מויל אַרויס־ברענגען, זײַנע ליפּן האָבן געציטערט. פֿאַר זײַנע אויגן האָט ער שוין געהאַט דאָס בילד, ווי אָט דער פֿרעמדער מענטש, וואָס ער זעט אים איצט צום ערשטן מאָל אין לעבן (ליפּ־שיץ איז געקומען אין שטעטל אַרבעטן שוין נאָך דעם ווי אַראָנאָוו איז פֿון דאָרט אַוועק) רײַסט בײַ זיי אַרויס זייער באַחנטע, געראָטענע מירע, צו וועלכער זיי זענען שוין אַזוי שטאַרק צוגעבונדן. ווי וועלן זיי, ער און זײַן פֿרוי, קאָנען לעבן אָן איר? זײַן שטוב וועט ווידער ווערן פּוסט און אומעטיק ווי אַמאָל. ניין! האָט ער בײַ זיך באַשלאָסן, ער וועט נישט נאָכגעבן. וואָס הייסט? ווי קאָן דאָס זײַן? ווי איז עס בכלל מעגלעך, אַז זיי זאָלן זיך דאַרפֿן שיידן מיטן קינד, וואָס איז בײַ זיי אַזוי אײַנגעבאַקן אינעם האַרצן? צי זאָל ער אַ פֿרעג טאָן אַראָנאָוון: וואָס הייסט איר ווילט דאָס קינד? און ווו זענט איר געווען, ווען זי איז געבליבן הפקר נאָך איר מוטערס טויט וואָס איז, אגב, לויט אַלעמענס מיינונג, געשטאָרבן טאָקע צוליב אייער שולד? ווו זענט איר געווען, ווען איר מוטער האָט אויפֿן טויטנבעט געבעטן, מען זאָל רחמנות האָבן אויפֿן קינד, זען עס צו דערציען, מאַכן עס פֿאַר אַ מענטש? ווו זענט איר געווען, ווען דאָס קינד האָט חדשים לאַנג, נאָך דעם ווי מיר האָבן זי גענומען צו דערציען, נאָך אַלץ געוויינט און גערופֿן: מאַמע! מאַמע! אַז ס׳האָט אַזש דאָס האַרץ צעשניטן. ווו זענט איר געווען, ווען מיר האָבן געליטן פֿון די פֿאַרשידענע קראַנקייטן, וואָס דאָס קינד האָט אַדורכגעמאַכט, טעג און נעכט זיך געפּלאָגט, געטאָן אַלצדינג זי צו היילן? היינט ווילט איר קומען צום גרייטן? היינט ווילט איר ס׳קינד? אגב, איז נאָך אַ פֿראַגע, צי מירע וועט בכלל וועלן פֿון אײַך הערן. זי האָט שוין אויף אַזוי פֿיל שׂכל צו קאָנען אונטערשיידן, ווי אַזוי מיר באַציען

זיך צו איר, און ווי אַזוי ס׳האָט זיך אויפגעפירט איר פּאָטער.

אַזעלכע און נאָך אַ סך, אַ סך פאַרשידענע ריכטיקע פראַגן, וואָס ס׳וואָלט אָרגאַנאַוון זיכער שווער געווען אויף זיי צו ענטפערן, האָבן זיך אים געדרייט אין קאָפּ. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט ער געטראַכט, אַז ער מוז שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַ טאַטע איז פאָרט אַ טאַטע, צי האָט מען דאָס רעכט צוצונעמען אַ קינד ביי אַ לעבעדיקן פאָטער, דערפאַר ווייל יענער האָט זיך שלעכט אויפגעפירט לגבי דער מאַמען? דערצו נאָך האָט ער פון אים געהערט די תשובה און חרטה-ווערטער. האָט ער דעריבער ביי זיך באַשלאָסן צו זיין מיט אים נישט צו שטרענג און אפשר אַזוי אַרום געפינען אַן אויסוועג, וואָס זאָל אַלעמען באַפרידיקן און דערמיט אויסמיידן סקאַנדאַלן און עגמת-נפש. ער האָט זיך אָבער אויך געפרעגט, פון וואַנען האָט ער די זיכערקייט, אַז דער מענטש איז טאַקע דער פּאָטער פון מירע? אפשר איז ער גאָר אַ שאַנטאַזשיסט, וואָס האָט זיך דערוווּסט געוויסע פּרטים פון זייער לעבן, כדי דערמיט ביי זיי געלט אויסצופּרעסן? דאַרף מען דעריבער, פריער פאַר אַלץ, ביי אים אַ פרעג טאָן, וואָס פאַר אַ באַווייז ער קאָן אָנגעבן, אַז ער איז טאַקע מירעס פאָטער? ווען ער האָט דערהערט אָבער פון אָרגאַנאַוון דעם סימן, אַז זיין מירעלע האָט פון געבוירן אָן אויפן לינקן אַקסל אַ פלעקל גרויס ווי אַ פלוים, וואָס ליפּשיץ האָט עס שוין פיל מאָל באַמערקט, איז דער לעצטער ספק און די לעצטע שוואַכע האָפענונג פאַרשוווּנדן. פּונקט אין דעם מאָמענט האָט זיך פאַנאַנדערגעקלונגען דער טעלעפאָן. ליפּשיצעס פרוי האָט געפרעגט, פאַרוואָס ער זוימט זיך עפּעס היינט ביי זיין אַרבעט און קומט נישט עסן אָוונטברויט? מירע דאַרף גיין אויף פּראָבע און וואַרט אויף אים. מירע האָט אויך גע-

נומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל: „טאַטע, פאַרוואָס קומסטו נישט אַהיים״?

ליפשיץ האָט זיי געבעטן נישט צו וואַרטן אויף אים מיטן עסן, ווייל ער איז נאָך זייער פאַרנומען מיט פּאַציענטן. ער האָט דערמיט געוואָלט געווינען צייט, בכדי מיט אַראָ־נאָוון קאָנען קומען צו אַ טאָלק.

ווי ס׳וואָלט זיך עפּעס אָפּגעריסן ביי אַראָנאָוון אינעם האַרצן, אַזוי האָט ער אויפגעציטערט, ווען ער האָט דערהערט מירעלעס קלינגעדיק שטימעלע און איר זיס געלעכטערל דורכן טעלעפאָן. ער האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות נישט אַרויסצורייסן פון ליפשיצעס האַנט דאָס טעלעפאָן־טרייבל און כאָטש אַ פּאָר ווערטער רעדן מיט זיין קינד. ער האָט זיך אָבער געמוזט באַהערשן, זיך נישט דערוועגט עס צו טאָן, ווייסנדיק, אַז דער ענין פאָדערט אַ סך פאָרזיכ־טיקייט און פאַרשטאַנד, ער זאָל אַדורכגעפירט ווערן אויף אַ גוטן אופן.

ליפשיץ און אַראָנאָוו האָבן שווער אָפּגעזיפצט, יעדן פון זיי איז שווער געווען און קיינער האָט נישט געוואָלט דער ערשטער פרעגן: וואָס וועט זיין? וואָס קלערט איר צו טאָן? ווי אַזוי זאָל מען מאַכן מיט מירעלען? אויף וועלכן אופן זאָל מען עס איר איבערגעבן, אַז עס זאָל אויף איר שלעכט נישט ווירקן?

ליפשיץ האָט ווידער פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, מכבד געווען אַראָנאָוון. ביי זיך האָט ער שוין אָפּגעמאַכט נישט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג און פריער זיך צו באַראַטן מיט זיין פרוי. אוודאי דאַרף מען איר דאָס איבערגעבן אויף אַ קלוגן, געניטן, פאָרזיכטיקן אופן. אַנדערש קאָן אַזאַ קלאַפּ זיך אָפּרופן אויף איר געזונט. איז זי דאָך איצטער מירעס מאַמע מיט לייב און לעבן. זי האָט זי דאָך אויפגעהאָדעוועט,

געליטן פון איר און אויך זיך געפרייט מיט איר. איז דאָך נישט מעגלעך, אַז ס׳זאָל פּלוצים ווער קומען און מיט איין מאָל עס וועלן אונטערהאַקן, אַרויסרייסן מיטן וואָרצל, אַ תל מאַכן פון אַלעם און אַ סוף!

דער זייגער האָט שוין געוויזן איבער ניין. נישט וועלנדיק לענגער פאַרבלייבן אין קאַבינעט, האָט ליפשיץ פאַרגעשלאָגן אַראָנאָוון צו קומען מאָרגן אָוונט צו אים אין זיין פּריוואַטער וווינונג. קיינער אויסער זיין פרוי וועט זיך אין שטוב נישט געפינען. מירע וועט זיין אויף אַ רעפּעטיציע. ליפשיץ האָט אים דערביי אַנטפּלעקט אַ סוד, וואָס קיינער ווייסט נאָך נישט: מירע וועט שפּילן יידיש טעאַטער מיט אַ גרופּע אַרטיסטן, וואָס האָבן געבעטן אַ דערלויבעניש דערויף, קענענדיק אירע טעאַטער-פעאיקייטן. זיי האָבן זי געזען אַמאָל שפּילן אין אַ סצענע ביי דער יידישער פאָלקסשול. און היות ווי זיי ווילן שטעלן די פּיעסע „חנהלע די נייערין״, ווו ס׳איז פאַראַן אַ שיינע ראָל פאַר אַ קינד אַ יתומהלע, האַלטן זיי מירעלען פאַר די פּאַסיקסטע דערצו.

זיי זענען צו אונדז אַזוי צוגעשטאַנען — האָט ליפשיץ דערקלערט — מיר זאָלן איר דערלויבן צו שפּילן די ראָל, וואָס זיי האָבן נישט און זענען נישט פאַר איר קיין אַנדערע, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט אַנדערש און מסכים געווען. מאָרגן אָוונט גייט זי טאַקע אויף אַ פּראָבע. וועלן מיר קאָנען פריי און געמיטלעך אַלץ איבעררייד׳ן און זיך פאַרטראַכטן וואָס און ווי אַזוי צו טאָן.

אַראָנאָוו איז געוואָרן זייער איבעראַשט. פאַר שמחה נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. אַ פריידיקער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זיין פּנים. ס׳האָט אויף אים שטאַרק געווירקט די פאַר אים זייער אינטערעסאַנטע נייעס וועגן

זײַן מירעלעס שפּילן ייִדיש טעאַטער. ער איז געװען שטאָלץ, װאָס זי איז דערמיט געראָטן אין אים. זײַן כּוח הדמיון האָט זיך תּיכּף צעשפּילט. אין געדאַנק האָט ער שױן פֿאַנטאַזירט, אפשר װעט זי זײַן אַמאָל אַ קינסטלערין מיט אַ נאָמען בײַם טעאַטער און ער װעט נאָך פֿון איר האָבן די זכיה אַ סך נחת צו דערלעבן. װער װײסט? אַזױ הײבט זיך דאָך געװײנלעך אָן דער װעג פֿון אַ קינסטלערין, טאָ פֿאַרװאָס זאָל נישט אַזױ זײַן אױך מיט זײַן מירעלען? זײַן האַרץ האָט גענומען קלאַפּן פֿאַר פֿרײד און ער האָט דערפֿילט אַ נאָך שטאַרקערן באַגער און דראַנג װאָס גיכער זי שױן צו זען. ער האָט אַפֿילו געװאָלט אַ פֿרעג טאָן ליפֿשיצן, פֿאַרװאָס עפּעס װאַרטן ביז מאָרגן? פֿאַרװאָס זאָל ער נישט קאָנען כאָטש זען מירעלען נאָך הײַנט? ער האָט אָבער פֿאַרשטאַנען דעם זין דערפֿון, אַז ליפֿשיץ װיל מסתּמא צוגרײטן זײַן פֿרױ און אױך מירעלען דערצו, אַז זײער באַגע־געניש זאָל אַרױסקומען װי ס'דאַרף צו זײַן מענטשלעך, אָן אױפֿטרײסלונג.

דערקענט האָט ער באַלד אין ליפֿשיצן, אַז ער האָט פֿאַר זיך אַ געבילדעטן און סימפּאַטישן מענטש, מיט װעמען די זאַך װעט זיך לאָזן רעגולירן אױף אַ לײַטישן אופֿן, אַזױ אַז זײַטיקע מענטשן, צי גאָר געריכטן, װעלן דאָ נישט האָבן קײן אָרט. שױן בלױז דאָס נעמען צו זיך אַן אָרעם קינד און עס דערציען אין אַזאַ רחבֿות האָט אים דאָס באַשטע־טיקט. ער האָט אױך געװוּסט און געװען מער װי זיכער, אַז מירעלען לעבט זיך בעסער אין יעדער זינען בײַ די ליפֿשיצעס, װי ס'װאָלט איר געװען בײַ אים. ס'איז דאָך פֿאַרשטענדלעך. ער איז דאָך דערװײַל אָן אַ הײם, אָן אַ פֿרױ, װאָס דאַרף זײַן װי אַ מאַמע צו מירעלען, אָן אַ פּרנסה, איז װאָס פֿאַר אַ גוטס קאָן זי שױן, משטײנסגעזאָגט, בײַ אים האָבן? בלױז דאָס געפֿיל צו אים װי צו אַ פֿאָטער?

ווער ווייסט, אויב זי וועט עס בכלל האָבן? ווער קאָן דען וויסן, צי זי וועט מיך נאָך געדענקען? און אויב יאָ? איז דאָך ווידער אַ פראַגע, צי זי וועט מיר קאָנען מוחל זיין פאַר מיינע אָפּגעטונע מעשים? אפשר וועט זי זיך אָפּקערן פון מיר. אגב, וועט זי זיין גערעכט, אויב זי וועט נישט וועלן מיך מער קענען.

אָט די אַלע געדאַנקען האָבן זיך אַ מיש געטאָן אין זיין מוח און אים אויפסניי געמאַכט טרויעריק. ער האָט אָנגענומען ליפּשיצעס איינלאַדונג אויף צומאָרגנס אָוונט מיט איין באַדינג: ער זאָל מאָרגן למען השם זען זיין מירעלען. וואַרפנדיק ווידער אַ פאַרטרערטן בליק אויף איר בילד, האָט ער געבעטן ליפּשיצן, ער זאָל נעמען אין אַכט און פאַרשטיין זיין צעבראָכן פאַטער־האַרץ, וואָס וועט לענגער נישט אויסהאַלטן.

ווען אַראַנאָוו איז צומאָרגנס פּינקטלעך צו דער באַשטימטער שעה געקומען צו די ליפּשיצעס, איז מירעלע נישט געווען. די אַרטיסטן האָבן זי מיטגענומען אין אַ דראַזשקע צו דער פּראָבע. זיי האָבן צוגעזאָגט, זי צוריקברענגען אין אַ צוויי שעה אַרום אין שטוב אַריין.

נאָכן באַקענען זיך פון אַראַנאָוון מיט דער פרוי ליפּשיץ האָט מען סערווירט טיי מיט איבערבייס און אָנגעהויבן שמועסן וועגן ענין.

ס'איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען ליפּשיצן אָנצוזאָגן די בשורה זיין פרוי. זי איז, ווי ער, געוואָרן בלייך ווי די וואַנט, האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט צו איר. עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ זאַך! יאָרן געהאָדעוועט אַ קינד, געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, געפילט צו איר די הייסע מוטערלעכע ליבע, ממש ווי אייגן בלוט, נישט געקאָנט זיין אַ טאָג אָן איר, און איצט זאָל זי באַדאַרפן מיט אַמאָל פון

אַלעם זיך אָפּזאָגן? ווי וועט זי עס קאָנען אויסהאַלטן? פונ־
דעסטוועגן איז זי נאָך אַ לענגערן שמועס מיט איר מאַן
געקומען צום אויספיר, אַז סענטימענטן קאָנען אין אַזאַ
פאַל ווייניק וואָס העלפן. אויב שוין יאָ סענטימענטן, זענען
זיי פאַר אַן אייגענעם פאָטער אַ סך שטאַרקער. און ס׳איז
ביי זיי געבליבן, מירע אַליין זאָל באַשליסן. וועט זי וועלן
צוריקגיין צום פאָטער, קאָנען זיי נישט האָבן דאַקעגן. ווען
נישט — וועלן זיי זי דערצו נישט צווינגען.

זיי האָבן זייער באַשלוס איבערגעגעבן אַראָנאָוון, צו־
געבנדיק, אַז מירע איז אַן איידל קינד, שוין צוגעוווינט
צו אַ רואיק, צופרידן און גליקלעך לעבן. ס׳פעלט איר פון
קיין זאַך נישט. באַדאַרף אויך ער, אַראָנאָוו, ווי אַ פאָטער,
דערפון וויסן און נישט וועלן, אַז זיין קינד, דאָס בליענדיקע
שיינע ביימעלע, זאָל פאַרוועלקט ווערן. דעריבער דאַרף
ער נישט פרוּוון דווקא ווירקן אויפן קינד זיי צו פאַרלאָזן,
אַ זאַך, וואָס וואָלט פאַר קיינעם נישט געווען גינסטיק.
אוודאי וועלן זיי זיך נישט שטעלן אַנטקעגן מירעס ווילן.
לייגן זיי דעריבער פאָר אַראָנאָוון, ער זאָל היינט צוגיין
אין זאַל, ווּ מירע געפינט זיך אויף אַ פּראָבע, זיך פאָר־
שטעלן פאַר איר און זען, ווי ס׳וועט אויף איר ווירקן. זיי
וועלן אים באַגלייטן ביז צום זאַל און אויף אים וואַרטן
אין דער צוקערניע, וואָס געפינט זיך דערנעבן.

אומבאַמערקטערהייט האָט זיך אַראָנאָוו אַריינבאַקומען
אין זאַל אריין און גראָד געטראָפן מירעלען אויף דער בינע,
ביי דעם בילד, ווי זי זינגט דאָס ליד פון דער יתומהלע.

ווי שלעכט און ווי ביטער
איז דער אָרעמער יתומהלע,
ווען ס׳שטאַרבט די מוטער
און ס׳בלייבט איבער אַ יתומהלע.

וואָס ס׳איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אין אַראָנאָװס האַרצן, איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלן. ער איז געבליבן ווי פֿאַר־גליווערט, זעענדיק ווי מירעלע לעבט איבער דאָס, וואָס זי זינגט, האָט דערביי זיכער אין זינען איר פֿאַרשטאָרבענע מאַמע, וואָס איז פֿון איר פּריצייטיק צוגענומען געוואָרן. דערפֿאַר טאַקע קומט עס ביי איר אַרויס אַזוי נאַטירלעך. ער האָט באַמערקט, ווי זיין מירעלע רופֿט אַרויס מיט איר האַרציקן זינגען טרערן אין די אויגן ביי די אַקטיאָרן און ביים רעזשיסער. ער האָט אין האַרצן געבעטן גאָט: גיב מיר כוח דאָס אַלץ אַריבערצוטראָגן. גיב מיר פֿאַרשטאַנד, ווי אַזוי צו פֿירן זיך אין דאָזיקן נסיון. גיב מיר ווערטער, ווי אַזוי צו ווירקן אויף מיין קינד, עס זאָל מיך נישט אָפּשטויסן. גיב מיר חן אין אירע אויגן, זי זאָל מיך צוריק אָנערקענען פֿאַר איר פֿאָטער. גיב מיר אַן עצה, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו האַנדלען אין דער שווערער פֿיינלעכער שעה פֿאַר מיר. טראָץ אַלעם וואָס ס׳האָט מיט מיר פּאַסירט, טראָץ מייַנע זינד וואָס כ׳בין באַגאַנגען, טראָץ די צרות, וואָס כ׳לעב איבער, וויל איך אָבער פֿאָרט נישט בלייבן עלנט און אומגליקלעך. ער האָט זיך געשטאַרקט נישט אויסצוברעכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין און געגרייט זיך אַרויפֿצוגיין הינטער די קוליסן, כדי פֿאָרצושטעלן זיך פֿאַר מירעלען און זען ווי אַזוי זי וועט אים אויפֿנעמען.

מירעלע האָט פֿאַרענדיקט דאָס ליד מיט די ווערטער:

מיך היילן דער מאַמעס טרערעלעך,
איך שלינג זיי ווי די פּערעלעך,
איך, קליין, אָרעם יתומהלע...

דאָ האָט אַראָנאָװ זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט שטאַרק אַפּלאָדירט, אויסשרייענדיק: בראַוואָ, מי־רעלע!

דער רעזשיסער, איבערראַשט פון די דאָזיקע אומדער־וואַרטע אַפּלאָדיסמענטן, האָט פאַרוווּנדערט געפרעגט: ווער איז דאָרט? ער האָט געקוקט אָנגעשטרענגט אין זאַל אַריין, געוואָלט זען ווער ס'איז דאָס מירעלעס פאַרערער.

— איך! — האָט זיך אַראַנאָוו דערנענטערט צו דער בינע.

— ווער זענט איר? האָט געפרעגט שוין נייגעריק דער רעזשיסער.

— מירעלע וועט אייך באַלד זאָגן ווער איך בין, — האָט געענטפערט אַראַנאָוו. ער איז אַרויף אויף דער בינע און האָט זיך געווענדן צו מירעלען:

— אמת, אַז דו ווייסט ווער איך בין?

מירעלע האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. אָבער אין האַרצן האָט זי משמעות עפּעס דערפילט, אַז דער מענטש איז איר קענטלעך, אַז זי האָט אים שוין אַמאָל ערגעץ געזען.

— קינד מיינס! דערקענסט מיך באמת נישט? — האָט אַראַנאָוו געפרעגט שוין פאַרצווייפלט — דאָס בין איך דאָך, דיין פאָטער.

— מיין פאָטער איז געשטאָרבן, מיין מוטער אויך! האָט מירעלע זיך צעוויינט. זי האָט גענומען באַטראַכטן אַראַנאָוון אַלץ אָנגעשטרענגטער. עפּעס האָט זי זיך אָנגע־הויבן צו דערמאָנען אין איר פאָטער און געפרוווט געפינען אַן ענלעכקייט צו אים. אָבער ווי קאָן איר דאָס גאָר איינפאַלן צו טראַכטן? יענער איז דאָך שוין פון לאַנג טויט!

— מיין פאָטער הייסט לעאָן ליפשיץ, מיין מאַמע מאַ־ניושאַ, — האָט זי געזאָגט צו אַראַנאָוון שוין אַביסל דריים־טער און פעסטער, ווי זי וואָלט וועלן, ער זאָל זי לאָזן

צורו. אָבער אין איר קינדיש מוחל האָט פאָרט גע־עקבערט אַ געדאַנק: אפשר יאָ? איר בליק האָט זיך אַלץ מער גענומען איינקוקן אין זיין פנים, געוואָלט געפינען שטריכן, וואָס זאָלן איר עפּעס וואָס דערמאָנען וועגן איר פאָטער.

אַראָנאָוו האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח זיך נישט צו פאַרלירן. ער האָט מיט די אויגן געבעטן די אַרומיקע מענטשן, יענע זאָלן זיי לאָזן אַ ווײַלע אַליין. ער האָט פונ־סניי אָנגעהויבן צו דערקלערן מירעלען, אַז ער איז פאָרט איר פאָטער, איר אמתער פאָטער, אַז ער איז נישט גע־שטאָרבן, ווי די מאַמע האָט עס איר אפשר געזאָגט, נאָר ער איז בלויז אַוועק אין דער וועלט אַריין, געלט צו פאַר־דינען. ער האָט זיך לאַנג געזוימט, אינצווישן איז די מאַמע, צו וועמען ער איז איצט צוריקגעקומען — געשטאָרבן. מי־רעלע, — האָט ער זיך ביי איר געבעטן, — קרוין פון מיין קאָפּ, דערמאָנסטו זיך נישט, ווי מיר פלעגן אָפט שפּאַצירן אויף סטעמפּניקס לאַנקע נעבן טייך? ווי דו האָסט זיך איינמאָל אויסגעגליטשט און אַריינגעפאַלן אינעם טייך, און ווי איך בין אין אָנטועכץ אַריינגעשפּרונגען און דיך פון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט? דו ביסט דערנאָך קראַנק גע־וואָרן און געלעגן אַ צייט אינעם בעטל און איך האָב דיך דעמאָלט אויסגעלערנט דאָס לידעלע „ביים טייכל":

ביים טייכל צווישן די ביימעלעך,
שפּילן זיך מירעלעך, שלומהלעך,
ווי שוועסטער מיט ברידערלעך,
זינגען זיך האַרציקע לידעלעך,
פרייען זיך, טאַנצן טענצעלעך,
פלעכטן זיך בלומען־קרענצעלעך.
דערציילן זיך מעשהלעך וווּנדערלעך
ווי גוטינקע יידישע קינדערלעך...

ער האָט איר אויך דערמאָנט, ווי ער פלעגט זי שפּע־טער, שוין א געזונטע, טראָגן אויף זיינע אַקסלען און דערביי רופן: „אַ קעלבעלע צו פאַרקויפן", ביי וואָס זי פלעגט זיך אַזש פאַרקייכן פאַר געלעכטער.

— נו, טאָכטער מיינע, איצט דערמאָנסטו זיך שוין ווער איך בין? מירעלע, איצט גלייבסטו שוין, אַז איך בין דיין פאָטער?

מירעלע האָט שוין איצט אַלץ געוווּסט, וועגן אַלץ זיך דערמאָנט. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, גע־פאַלן אין זיינע אָרעמס און ביידע האָבן יאָמערלעך געוויינט.

אַראָנאָוו האָט מירעלען פעסט צוגעדריקט צו זיך. פון האַרצן איז אים איצט אַראָפּ די שווערסטע משא. ער האָט זי געקושט מיט דער גאַנצער פאָטערלעכער ליבע. ער איז געווען צעמישט פון לויטער פרייד.

די אַקטיאָרן זענען געווען זייער גערירט איבערן דאָ־זיקן געשעעניש, וואָס וואָלט שוין פאַר זיך גופא געפּאַסט פאַר אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. זיי האָבן אָבער פאָרט גע־מוזט בעטן אַראָנאָוון, זיי נישט צו שטערן פאַרצווזעצן די פּראָבע. זיי האַלטן ערב דער פּרעמיערע. אָבער וואָס שייך מירעלע, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז פאַר איר איז די היינ־טיקע פּראָבע פאַרענדיקט. צופיל האָט זי במשך פון עטלעכע מינוטן איבערגעלעבט.

אַראָנאָוו איז מיט מירעלען אַראָפּ אין זאַל, איר דער־ציילט דעם גאַנצן פאַרלויף, ווי אַזוי ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זי געפינט זיך אין לאָדזש ביי די ליפּשיצעס, ווי אַזוי ער האָט זיי אויפגעזוכט. זיי טאַקע האָבן אים וועגן אַלעם איבערגעגעבן און אים געבראַכט אַהער אינעם זאַל, כדי ער זאָל זי קאָנען זען. זיי וואַרטן איצט דאָ נישט ווייט אין אַ צוקערניע, ביז ער וועט מיט איר צוריקקומען. נו, און ער,

ער איז אַזוי גליקלעך, וואָס ער זעט זי און רעדט מיט איר, אַז ער וועט זי שוין קיינמאָל מער נישט פאַרלאָזן.

מירעלען איז עפּעס געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן. אפשר פון געדאַנק, אַז איר פאָטער אַראָנאָוו וועט זי וועלן צוריקנעמען צו זיך אין שטעטל און זי וועט דאַרפן פאַרלאָזן די גרויסע שטאָט לאָדזש, פאַרלאָזן די ליפּשיצעס, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק ליב, פאַרלירן אירע אַלע חבר־טעס, וואָס זי פאַרברענגט מיט זיי אַזוי גוט. זיכער אויך זיך מוזן אָפּזאָגן פון שפּילן טעאַטער. אַזעלכע זאַכן וואָלטן געקאָנט אויך אַ דערוואַקסענעם מענטשן פאַרשאַפן עגמת־נפש. אָדער אפשר גאָר איז זי געוואָרן באַהערשט פון אַ מאָדנעם געפיל, פון האָבן מיט אַמאָל צוויי לעבעדיקע טאַטעס ?

אַ צעשטרייטע פון דעם גאַנצן פאַרגעקומענעם, האָט זי שוין נישט געוואָלט וואַרטן ביז צום סוף פון דער פּראָבע און געבעטן די אַקטיאָרן, זיי זאָלן זי צופירן מיט אַראָנאָוון צו די ליפּשיצעס אין דער דערבייאיקער צוקערניע.

אַריינקומענדיק אין דער צוקערניע, איז זי אַרויפגעפאַלן אויף די ליפּשיצעס און האָט זיך שרעקלעך צעוויינט. ווען זיי האָבן זי געפרווּוט באַרואיקן און געפרעגט פאַרוואָס זי וויינט, האָט זי שלוכצנדיק געענטפערט, אַז זי וויל זיי נישט פאַרלאָזן, אַז זי וויל בלייבן אין לאָדזש, זי וויל אָבער אויך האָבן נעבן זיך איר אָפּגעפונענעם פאָטער, וואָס זי האָט שוין אַזוי לאַנג אים נישט געזען, כמעט ווי פאַרגעסן אָן אים. בעט זי דעריבער אירע דערציער, זיי זאָלן זיך באַמיען און העלפן געפינען אַ מעגלעכקייט, אַז איר פאָטער זאָל אויך קאָנען וווינען אינעם זעלבן הויז. וועט זי אַזוי אַרום אים קאָנען אָפטער זען.

די ליפּשיצעס האָבן איר פאַרזיכערט, אַז זי וועט בלייבן

אין לאָדזש, איר פֿאָטער אויך. אַלע צוזאַמען זענען צופֿרידענע אַהיימגעגאַנגען צו די ליפּשיצעס אין שטוב, ווו אַראָנאָוו איז שוין געבליבן נעכטיקן.

מירעלעס בקשה איז דערפֿילט געוואָרן. זי איז געבליבן ביי די ליפּשיצעס. פֿאַר איר פֿאָטער האָבן זיי באַזאָרגט אַ קליינע וווינונג אין שכנותדיקן הויז. יעדן אָוונט איז אַראָנאָוו געקומען צו מירעלען, געגאַנגען מיט איר אויף די פּראָבעס, זיך נענטער באַקענט מיט די אַקטיאָרן, געוואָרן מיט זיי שוין גאָר היימיש. צום סוף האָט ער פֿאַרגעלייגט מיטצואַרבעטן אין טעאַטער ווי אַן אַקטיאָר, צי אפֿילו מיט זיי שטעלן אַ וועלכע ס׳איז פּיעסע פֿון זיין רעפּערטואַר. אַבי זיך קאָנען אויסלעבן אין טעאַטער, וואָס איז תמיד געווען פֿאַר אים דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע.

די אַקטיאָרן האָבן אויפֿגענומען זיין פֿאָרשלאָג, געהאַלטן אָבער, אַז רעדן וועגן דעם וועט מען דאַרפֿן נאָך דער פּרעמיערע, וואָס זאָגט צו צו ווערן אַ דערפֿאָלג און גאָר באַזונדער פֿאַר מירעלען.

5

ס׳זענען אָפּגעלאָפֿן טעג, וואָכן, חדשים, יאָרן. חוהלע, די איצטיקע מיסיס סטאַר, איז געווען פֿאַרנומען מיט זאָרגן פֿאַר דער גוטער ווירטשאַפֿט, פֿאַר איר שיינער טואַלעט, געוואָלט וואָס מער געפֿעלן איר דזשעקן, וועלכן זי האָט שטאַרק ליב געהאַט. חוהלע האָט באַמערקט, אַז ס׳גייט נישט דורך קיין איינציקע שעה, ווען זיי זענען נישט צוזאַמען, ער זאָל זי נישט אָנרופֿן דורכן טעלעפֿאָן. נישט פֿאַראַן דאָס מאָל, ער זאָל קומען פֿון גאַס און עפּעס נישט מיטברענגען. שוין אָפּגערעדט, וואָס ער זוכט מיט איר צו פֿאַרברענגען אין די שענסטע ערטער, צירט זיך אין איר

ווי אין שענסטן אבן-טוב, רעכנט זיך מיט איר מיינונג, באַמיט זיך זי גליקלעך צו מאַכן.

מיסטער סטאַר סעניאָר, חוהלעס קוזין און זיין פרוי, אירע איצטיקע שוויגער-עלטערן, האָבן געשעפּט נחת. ס'איז זיי געלונגען צו שיסן צוויי האָזן מיט איין שאָס, הן אַרויס-ראַטעווען חוהלען פון איר שלעכטער לאַגע, הן פּטור צו ווערן פון דעם שלאַק, דער צרה, דזשעקס ערשטע פרוי, וואָס איז זיי דערגאַנגען די יאָרן.

אַלע, אַלע האָבן חוהלען גערן געהאַט; געווען צופרידן זיך צו געפינען אין איר געזעלשאַפט; מיט פאַרגעניגן געוואָלט אָפּט פאַרברענגען אין איר שטוב.

פאַרנומען מיט אַלע פאַרשידענע מינים פליכטן, האָט חוהלע דעריבער קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן און כמעט שוין ווי פאַרגעסן אין איר פאַרגאַנגענהייט מיט אַראָנאָוון. האָט אָבער אָפּט ווען איר האַרי רופט אויס פאַפּאַ, איר פונדעסטוועגן אַ טיאָכקע געטאָן אינעם האַרצן. ס'האָט איר דערמאָנט אין אַראָנאָוון, האַרים פאָטער. צו-מאָל פלעגן איר בעת מעשה אויפקומען די זכרונות, די גאַנצע געשיכטע מיט איר אַנטלויפן פון אים. ווידער פלעגן זיך דערוועקן פאָרוווּרפן צו זיך גופא. זי פלעגט זיך שעמען פאַר איר כסדרדיקער אָפּנאַרעריי. אָט אַזוי האָט זי גע-נאַרט מיסטער סטאַר, איר קוזין, יענער זאָל זי אַראָפּנעמען קיין אַמעריקע, און אַזוי אויך אַראָנאָוון, ער זאָל מסכים זיין מיט איר רייזע. זי ווייסט דאָך ביי זיך, אַז וואָס-וואָס, נאָר גענאַרט האָט זי אַראָנאָוו נישט! בלי ספק האָט ער זי זייער ליב געהאַט. איי דאָס וואָס ער איז נישט געווען קיין פרנסה-געבער, האָט ער דאָך איר קיין גרויסע גליקן קיינמאָל נישט צוגעזאָגט.

אוודאי, איצט האָט זי שוין נישט געטאָרט טראַכטן

דערפון, נישט געטאָרט אים אין זינען האָבן, זי וואָלט געקאָנט בלויז אַריינברענגען אַ שטערונג און צערודערונג אין איר איצטיקן גליקלעכן פאַמיליען-לעבן. אָבער פאָרט האָט זיך איר געדוכט, אַז זי וואָלט אַראָנאָוון אַמאָל נאָך געוואָלט זען, אים פאַר אַלץ איבערבעטן, אים אויפקלערן, ווי אַזוי זי איז געשטויסן געוואָרן צו אַזאַ זאַך. אָבער באַלד האָט זי דעם געדאַנק פון זיך פאַרטריבן, אים געהאַלטן פאַר אַ נאַרישקייט. נישט זי וועט פאָרן אים ערגעץ-ווו אויפזוכן, און נישט אַראָנאָוו וועט האָבן די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן.

אין אַ יום-טובדיקן טאָג, ווען מיסטער סטאַר האָט זיינע קינדער און אייניקלעך פאַרבעטן צו זיך אויף מיטאָג, האָט חוהלע נאָך דער מאָלצייט זיך צוגעלייגט ווי איר שטייגער איז געווען אויף דער סאָפע אַביסל אָפּצורוען. זי האָט גענומען אין האַנט אַ צייטונג, געכאַפּט אַ בליק און מיט אַמאָל איז זי געוואָרן אויפגעציטערט.

צווישן די אַנאָנסן האָט זי איבערגעלייענט, אַז ס'קומט קיין אַמעריקע אויף גאַסטראָלן די יונגע טעאַטער-באַרימטקייט מירע אַראָנאָוו.

וואָס זעט זי? וואָס קומט דאָ פאָר? זי האָט זיך דערשראָקן. איז דאָס נישט אַמאָל אַראָנאָווס טאָכטער? די קליינע מירעלע? אויב יאָ, קאָן דאָך מעגלעך אויך אַראָנאָוו מיטקומען? ער קאָן נאָך אַמאָל אַריינברענגען אַן אומגליק אין איר פאַמיליען-לעבן. אַ שיין פּנים וועט זי האָבן ביי דזשעקן און זיינע עלטערן, ווען זיי וועלן זיך פון אַראָנאָוון דערוויסן דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס זי האָט זיי דערציילט. נישט אַז ער איז פון איר אַנטרונען, נייערט זי גאָר פון אים. און ווי וועט זיין, אויב ער וועט זיי נאָך זאָגן, אַז דאָס האָט זי, חוהלע, אים אָנגערעדט, ער

זאָל איבערלאָזן זיין פרוי און קינד און גיין מיט איר און דערנאָך האָט זי אים אַזוי ליגנעריש אָפּגענאַרט? ווער ווייסט וואָסערע צרות ער קאָן איר נאָך פאַרשאַפן?

ווי איר האַרץ האָט דערביי גענומען שטאַרק קלאַפּן, האָט נאָר געקאָנט הערן זי אַליין.

מורא האָבנדיק, אַז איר צערודערונג זאָל נישט אויפפאַלן ביי די אַרומיקע, האָט חוהלע מיט אַלע כוחות גע־פּרוּווט זיך צו באַרואיקן, און איבערגעלייענט נאָך אַמאָל דעם אַנאָנס צו זען, אויב ס׳געפינט זיך אויך נישט אַראַ־נאָווס נאָמען. אַז זי האָט דאָס נישט באַמערקט, איז איר אַביסל לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה. זי האָט זיך געטרייסט, אַז מסתמא קומט מירעלע אַליין. אַנדערש וואָלט אַראַנאָוו ווי אַ רעזשיסער און שוישפּילער אויך געווען אַנאָנסירט. איבעריקנס איז אפשר איר גאַנץ ערגערן זיך אומזיסט? ס׳קאָן דאָך מעגלעך זיין, אַז די מירע אַראַנאָוו איז גאָרנישט איר אַראַנאָווס טאָכטער? עלעהיי אַ משפּחה? אַזוי צי אַזוי איז איר געבליבן אָפּצוּוואַרטן, און וואָס ס׳וועט זיין — וועט זיין.

נאָכפאָלגנדיק די אַנאָנסן אין די צייטונגען, האָט חוהלע מיט גרויסער אומגעדולד שוין געוואַרט אויפן טאָג פון דער פּרעמיערע. זי האָט פאָרגעשלאָגן דזשעקן צו גיין מיט איר זען די פאָרשטעלונג, הגם ער פאַרשטייט שוואַך יידיש. זי וויל עס אָבער זען. ס׳וועט איר דערמאָנען אין דער אַלטער היים, ווו זי האָט אויך אַמאָל געשפּילט יידיש טעאַטער. אגב איז די „סטאַרין", מירע אַראַנאָוו, אירע אַ באַקאַנטע. איז אויב ס׳וועט איר מעגלעך זיין מיט איר דאָרט צו כאַפּן אַ שמועס, וועט עס איר פאַרשאַפן גרויס פאַרגעניגן.

דזשעק האָט איר, פאַרשטייט זיך, דאָס נישט אָפּגעזאָגט, און באַזאָרגט בילעטן אויך פאַר זיינע עלטערן.

אינעם טאָג פון דער פּרעמיערע איז חוהלע געווען נישט גוט געשטימט. אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט, נערוועז, נישט געוווּסט ווי אַזוי צו מאַכן, אַז דער עווענטועלער צוזאַמענטרעף מיט מירען אינעם טעאַטער זאָל אַדורך גלאַטיק. זי איז נאָך אַלץ נישט געווען זיכער, אַז זי וועט אַראָנאָוון דאָרט נישט טרעפן. אוודאי וואָלט זי געקאָנט נישט זען זיך מיט מירען, האָט איר אָבער שטאַרק געלאָקט צו הערן און זיך דערוויסן עפּעס וועגן אים, וועגן אַראָנאָוון. איז איר איינגעפאַלן, זי זאָל זיך פּרוּוון פאַרשטענדיקן מיט דעם טעאַטער־דירעקטאָר און אים פרעגן, אויב מיט דער שוישפּילערין מירע אַראָנאָוו איז אויך ווער מיטגעקומען פון איר פאַמיליע. זי וויל דאָס זייער גערן וויסן, מחמת ס'קאָן געמאָלט זיין, אַז דאָס זענען אירע נאָענטע באַקאַנטע פון דער אַלטער היים.

ווען דער דירעקטאָר האָט געענטפערט, אַז אַחוץ איר מענעדזשער איז קיינער מיט מירען נישט מיטגעקומען, איז חוהלען געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן.

די פאָרשטעלונג איז געווען זייער אַ געלונגענע, דער באַגייסטערטער עולם האָט געמאַכט גרויסע אָוואַציעס פאַר מירעס גלענצנדיקן שפּילן. אָבער חוהלען האָט מער אינטערעסירט מירע, ווי איר שפּילן. די גאַנצע צייט האָט זי געזוכט אויף מירעס פּנים אַן ענלעכקייט צו אַראָנאָוון.

נאָכן צווייטן אַקט, ווען חוהלע האָט זיך געקליבן אַרויפצוגיין צו מירען הינטער די קוליסן, איז איר באַפאַלן אַ מין טרעמע, גלייך ווי זי וואָלט באַדאַרפט צום ערשטן מאָל אויפטרעטן אויף דער בינע פאַר אַ ריזיקן עולם. אפשר איז דער מענעדזשער פון מירע טאַקע אַראָנאָוו אַליין?

אפשר האָט ער נישט געוואָלט זיין נאָך גאָר יונגע טאָכ־טער לאָזן אַליין פאָרן קיין אַמעריקע? ווי וועט זיין, אַז ער וועט זי דערקענען? זי האָט זיך פאָרט אָנגעטאָן אַ כוח און איז אַרויפגעגאַנגען, זיך געפרעגט ביי איינעם פון די אַקטיאָרן אויף מירען. יענער האָט איר אָנגעוויזן איר מענעדזשער. חוהלע האָט אָפּגעאָטעמט: ס׳איז נישט גע־ווען אַראָנאָוו. זי האָט געפרעגט אויף מירען.

בלי ספק האָט חוהלע תיכף דערקענט, אַז דאָס איז אַראָנאָווס טאָכטער, מירעלע. אירע ערשטע ווערטער זע־נען געווען, ווי ס׳פירט זיך, גרויסע קאָמפּלימענטן פאַר איר שפּילן, ווי אַזוי זי האָט באַגייסטערט דעם גרויסן עולם. ערשט דערנאָך האָט זי, אַזוי ווי אגב אורחא, זי אַ פרעג געטאָן, אויב זי איז נישט אַמאָל די טאָכטער פון רעזשיסער מארק אַראָנאָוו? „יאָ, האָט געענטפערט מירע. איר קאָנט אים?״ — „זייער גוטע באַקאַנטע זענען מיר געווען״ — האָט חוהלע געענטפערט און אַ שוידער איז אַדורך איר לייב. — „ווי גייט עס אים? איז ער געזונט? וואָס טוט ער? און אייער מוטער? געווען דוכט זיך נישט גאָר געזונט; ווי אַזוי פילט זי זיך איצטער?״

אַ דערשטוינטע איבער די געשטעלטע פראַגן, האָט מירע באַטראַכט חוהלען. זי האָט געזען אין איר אַ מענטשן, וואָס איז משמעות געווען זייער נאָענט צו אירע עלטערן. זי האָט טרויעריק געענטפערט, אַז איר מוטער לעבט נישט מער, און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן.

נישט וועלנדיק מירען קאַליע מאַכן די שטימונג, וואָס וואָלט געקאָנט שלעכט ווירקן אויף איר ווייטערדיקן שפּילן אינעם דריטן אַקט, האָט חוהלע מער נישט געפרעגט וועגן קיין שום זאַך נישט, נאָר פאַרבעטן מירען, זי זאָל קומען אויף צומאָרגנס צו איר אויף מיטאָג. דאָרט וועט מען

קאָנען װעגן אַלץ זיך אַדורכשמועסן. מירע האָט גערן אָנ-גענומען די אײַנלאַדונג.

װען דזשעק האָט דערהערט, אַז מירע איז פאַרבעטן צו זײ צומאָרגנס אױף מיטאָג, האָט ער פאַרגעלײגט צו פאָרן נעמען זי אין איר האָטעל. פאָרט אַ גרינע. ער האָט זיך געגרױסט, װאָס אַ שױשפּילערין מיט אַזאַ טאַלאַנט װעט זײַן דער גאַסט בײַ זײ אין שטוב. הגם ער איז מאָרגן שטאַרק פאַרנומען מיט די ביזנעס, װעט ער זיך דאָך באַ-מיען צו זײַן מיט זײ בײַ מיטאָג.

איבעריק צו זאָגן, אַז חוהלע האָט צוגעגרײט אַן אױפ-נאַמע כיד המלך, מירע זאָל עס פאַרגעדענקען. און טאַקע געװאָלט איר אױך װאָס מער פאַרשאַפן פאַרגעניגן; פאָרט אַראָנאָװס טאָכטער.

װען דזשעק האָט מירען אױף צומאָרגנס געבראַכט אין זײער הױז, איז זי, אַן איבערראַשטע און גערירטע פון דער האַרציקער אױפנאַמע, געװאָרן װי פאַרכישופט פון דער רחבותדיקער, לוקסוסדיקער װױנונג. זי האָט נישט געװוּסט אױף װאָס פריער צו קוקן. מען האָט איר פאַר-געשטעלט די קינדער האַרי און לילי, װאָס זענען נאָר װאָס געקומען פון דער שולע און מען האָט זיך געזעצט צום טיש.

חוהלע האָט אױסגעמיטן צו רעדן אין דזשעקס אַנ-װעזנהײט װעגן מירעס ביאָגראַפיע. דער גאַנצער שמועס איז געגאַנגען אַרום מירעס שפּילן, װעגן איר קאָלאָסאַלן דערפאָלג, װעגן דער גליקלעכער צוקונפט, װאָס איר דער-װאַרט, וכדומה. ערשט װען דזשעק האָט פאַרלאָזט די שטוב, זיך געזעגנט מיט מירען אױף זײַן צעבראָכענעם ײִדיש, און בײדע פרױען האָבן זיך אַװעקגעזעצט אין סאַלאָן, האָט חוהלע גענומען שמועסן מיט מירען. צוערשט האָט זי

געוואָלט וויסן פּרטים וועגן איר טעאַטער-קאַריערע. ווי אַזוי האָט זי, אַזאַ יונגע, שוין דערגרייכט די מדרגה פון אַ קינסטלערין. אין איינוועגס האָט זי נאָך אַ מאָל באַרירט די נעכטיקע פראַגן וועגן אירע עלטערן.

איר פאַרגאַנגענהייט האָט מירע אָנגעהויבן שילדערן פונעם מאָמענט, ווען איר פאָטער איז אַוועק פונעם שטעטל אין דער וועלט אַריין געלט פאַרדינען, און האָט זיך געזוימט אַ לענגערע צייט; דערנאָך איז איר מוטער שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. ס'האָבן זיך אויף איר דערבאַרעמט גוטע האַרציקע מענטשן, זי גענומען צו דערציען, ס'איז איר געווען ביי זיי זייער גוט. פון קיין זאַך נישט געפעלט, זי איז געוואָרן זייער קינד, און זיי — אירע עלטערן. אין דער פאָלקס-שול, ווו זי האָט געלערנט, האָט זי אָנטיילגענומען אין סצענקעס, וואָס די שולן פלעגן איינאָרדענען ביי פאַרשידענע יום-טובים. זי האָט עס זייער גערן געטאָן, ס'האָט איר פאַרשאַפט פאַרגעניגן. שפּעטער האָט מען זי גענומען צו פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן צו שפּילן אין דער פּיעסע „חנהלע די נייערין" די ראָל פון דער קליינער יתומהלע, ביי וואָס זי האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג. אַלע צייטונגען האָבן זיך צעשריבן וועגן איר, פאַראויסזעענדיק אַ גרויסע גוטע צוקונפט ביים טעאַטער. מען האָט זי גערופן: „דאָס וווּנדערקינד", זי כסדר פאָטאָגראַפירט און איר בילד אַריינגעגעבן אין פאַרשידענע זשורנאַלן. פאַרערער האָבן זי באַשאָנקען מיט אָן אַ שיעור מתנות און האַרציקע ברכות.

— קורץ פאַר דער פּרעמיערע טאַקע — האָט מירע ווייטער דערציילט — איז מיין פאָטער, וועלכן כ'האָב שוין געהאַט פאַרגעסן, צוריקגעקומען און האָט מיך אָפּגעפונען. ס'איז געווען נישט לייכט, ביז כ'האָב אים דערקענט. ער

איז צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער פון דעם אַרומבלאָנקען זיך אין דער פרעמד. קיין וואַזשנע געשעפטן האָט ער אויך נישט געמאַכט, דערצו זיך נאָך דערוווּסט די טרויעריקע נייעס פון מיין מאַמעס טויט. איז ער געווען איבערגליקלעך, וואָס ער האָט כאָטש זיין קינד אָפּגעפונען, און אין מיר זיין טרייסט. ער האָט באַמערקט מיין טאַלאַנט, געוואָרן באַגייס־טערט פון מיין דערפאָלג, מיך גערן געלאָזט ווייטער שפּילן טעאַטער. כ׳האָב אַזוי אַרום וואָס אַמאָל באַקומען גרעסערע און וויכטיקערע ראָלן, ביז כ׳בין דערגאַנגען צו דעם, וואָס כ׳בין איצט.

זיכער האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקען מיין פאָטער. ער האָט מיר זייער אַ סך געהאָלפן. מיך געלערנט. מיט מיר געאַרבעט איבער יעדער ראָל. אפילו פון די דורך אים נישט געשטעלטע פּיעסעס מיך דערפירט, כ׳זאָל זיין יעדעס מאָל וואָס בעסער. דערגאַנצט דאָס, וואָס די רעזשי האָט נישט באַוויזן צו באַמערקן. כ׳בין כמעט אים אַלץ דאַנקבאַר אין דעם, וואָס כ׳האָב דערגרייכט אין טעאַטער — האָט זי פאַרענדיקט.

— און ווי אַזוי גייט עס אים? אייער פאָטער? — האָט חוהלע אַלץ ווייטער געוואָלט פירן דעם שמועס. ווי אַזוי איז זיין געזונט? און מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך?

— ער אַרבעט ביים טעאַטער. שטעלט אָפּט פּיעסעס. אַלע רעספּעקטירן אים, נעמען גוט אויף זיינע באַמערקונגען, שאַצן אָפּ זיין אַרבעט, נאָר אינעם פּריוואַטן לעבן איז ער זייער דערשלאָגן. גייט אַרום מרה־שחורהדיק, מיידט אויס די מינדסטע פאַרווייַלונג, וויל מער נישט הערן פון פאַר־בינדן זיך מיט אַ צווייטער פרוי און פירן אַ פאַמיליען־לעבן. ס׳העלפט נישט דאָס מוסרן אים, אַז ביי זיינע יאָרן דאַרף ער נישט בלייבן אַליין. אַ זאַך וואָס אויך איך וואָלט געוועזן

איבער דעם זייער צופרידן. ער אָבער נעמט עס לחלוטין נישט אין אַכט. ווי איינער, וואָס דער גורל וואָלט אים שטאַרק אַנטוישט און אָפּגענאַרט. מילא, ווי לאַנג איך בין נאָך מיט אים צוזאַמען, איז נאָך ווי עס איז נישקשה. ווי ווער אָבער זיין שפּעטער? סוף־כל־סוף וועל איך זיך דאָך מיט וועמען פאַרבינדן און פאַרלאָזן די שטוב. וואָס וועט דעמאָלט מיט אים זיין? ווער וועט זיך מיט אים פאַר־נעמען? אַזעלכע רעיונות פּייניקן מיך זייער אָפּט און מאַכן מיך אומעטיק; כ׳קאָן אָבער גאָרנישט טאָן, אַז ער זאָל בייטן זיין מיינונג. אָבער פון וואַנען קענט איר אייגנטלעך אַזוי גוט מיינע עלטערן?

חוהלע האָט איר דערקלערט, אַז אויף אַ פאָרשטעלונג, וואָס אַראַנאָוו האָט געשטעלט אַמאָל ביי איר אין שטעטל, האָט זי זיך מיט אים נענטער באַקענט. מירע האָט זיך זייער דערפרייט און עפּעס זיך ווי אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט. זי האָט איר פאַרגעשלאָגן אָנצושרייבן איר פאָטער אַ פּאָר ווארעמע ווערטער. דאָס וועט אים זיכער הנאה טאָן. אפשר קאָן זי אויף אים אפילו משפיע זיין, ער זאָל ענדערן זיין ביז איצטיקן אָרט לעבן. אפשר וועט עס איר געלינגען. זי וועט איר דערפאַר זיין זייער דאַנקבאַר און ווער ווייסט? אפשר שוין בלויז צוליב דעם אַליין איז כדאי געווען איר קומען אין אַמעריקע.

חוהלע האָט צוגעזאָגט מירען דאָס צו טאָן, זי צוגע־פירט צוריק אין האָטעל, געבעטן, אויב די צייט וועט איר דערלויבן, ווידער צו קומען זיי באַזוכן. ווי ס׳זאָל נישט זיין, זאָל זי פאַרן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אומבאַדינגט זיי קומען זען. זי וועט אפשר באַגלייטן זי צו דער שיף.

חוהלען האָט דער שמועס מיט מירען פאַרשאַפט מער האַרצווייטיק ווי פאַרגעניגן. קודם כל די טרויעריקע נייעס

וועגן מירעם מוטער, וואָס איז מסתמא געשטאָרבן ווי אַ פּועל-יוצא פון אַראָנאָווס אַנטלויפן. זיכער איז איר גיכער טויט געווען אַ רעזולטאַט פון זיין לאָזן זי אויף גאָטס באַראָט מיט איר קינד און אָן וועלכע עס איז מיטלען צום לעבן. אמת טאַקע, זי האָט נישט פון אים דאָס געפאָדערט, האָט אויך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס עס קאָן דערפירן. נאָר פאָרט האָט זי זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון געדאַנק, אַז אינעם טויט פון מירעם מוטער האָט זי אַ גאָר גרויסן חלק.

אַראָנאָוו ווידער, וועדליק מירע האָט איבערגעגעבן, קאָן דאָך אויך נאָך פאַלן אַ קרבן פון אירע הענט, דורך איר אַנטלויפן פון אים. ווען אפילו ער זאָל גלויבן, וואָס זי האָט אים געשריבן, אַז זי האָט אַזוי געמוזט טאָן פאַרן וויל פונעם קינד, ווייסט זי דאָך דעם אמת: קודם-כל האָט אַזוי דיקטירט איר עגאָאיזם. דערזעענדיק פאַר זיך אַ רייך און זאַט לעבן, האָט זי ווייניק געטראַכט וועגן אַנדערע. הכלל, דאָס געוויסן האָט איר אַלץ מער און מער גענומען פייניקן. זי האָט זיך געפרעגט, ווי וואָלט געווען ווען ס'זאָל מיט איר זיך אַזוי טרעפן? מען זאָל זיך מיט איר אַזוי אכזריותדיק באַגיין? צו אַלדי רוחות! פאַרוואָס איז זי געוואָרן פאַרפירט אין אַזאַ פלאָנטער? איין גאָט ווייסט, אויב זי וועט זיך פון אים קאָנען אַרויספּלאָנטערן. ווי גליקלעך וואָלט זי געווען, ווען דאָס אַלץ וואָלט אַזוי נישט געשען. צו איר איצטיקן גליק וואָלט דאָך גאָר קיין גלייכן נישט געווען. וואָס טראַכט מען צו דאָס אַלץ כאָטש אַביסל צו פאַרריכטן? הלוואי זאָל עס זיך נישט שלעכט אָפּרופן אויף איר גליקלעך פאַמיליען-לעבן. אין די פריידיקסטע מאָמענטן זאָל איר נישט קומען אויף די געדאַנקען אַראָנאָווס פאַרשטאָרבענע פרוי, נישט אַנטרייבן אויף איר קיין מרה-שחורה!

דערשעפּט פון אַט די אַלע מחשבות, איז חוהלע אַ מידע אַוועקגעפאַלן אויף דער סאָפע און איינגעשלאָפן. ס'האָט זי אויפגעוועקט דער טעלעפאָן פון דזשעקן, וואָס האָט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי זי האָט פאַרבראַכט דעם טאָג מיט מירען. ער קומט באַלד אין שטוב, זי נעמען צו באַקאַנטע, וואָס זענען נאָר וואָס צוריקגעקומען פון אַ לוסטרייזע אין איראָפּע. זיי זענען פאַרבעטן דאָרט אויף אָוונטברויט.

חוהלען האָט זיך אין פלוג אויסגעדאַכט, אַז דאָס אַלץ וועגן וואָס זי האָט פריער געטראַכט, איז געווען נישט מער ווי אַ חלום, וואָס וועט פאַרשווינדן און זיך מער נישט אומקערן. ערשט ווען זי איז געוואָרן אינגאַנצן וואַך, האָבן פונסניי אַט די פריערדיקע געדאַנקען גענומען עקבערן אין מוח. וויפל זי האָט זיך נישט באַמיט דאָס אַלץ פון זיך צו פאַרטרייבן, פאַרגעסן, געביטן עטלעכע מאָל איר טואלעט, געוואָלט זיין וואָס עלעגאַנטער, קיינער זאָל זיך נישט פאַרשטעלן, וואָס עס טוט זיך ביי איר אין האַרצן — האָט דאָך דזשעק פאָרט באַמערקט עפּעס אויף איר פּנים. איר שמייכל איז געווען עפּעס נישט עכט, גאָרנישט אין איר נאַטור. ער האָט דאָס אויסגעטייטשט, אַז דאָס נעמט זיך מסתמא פון דעם עמאָציאָנעלן טאָג מיט מירען, און האָט גאָרנישט געפרעגט. חוהלע האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מירע טעלעפאָנירט צו חוהלען, זיך אַנטשולדיקט פאַרוואָס זי קומט נישט מער צו זיי, מחמת זי איז זייער פאַרנומען. דערביי איר אויך איבערגעגעבן, אַז זי קלייבט זיך שוין צו פאָרן אַהיים. זי וועט קומען זיך געזעגענען דעם און דעם טאָג. ס'וועט איר זייער פרייען ווידער צו זיין אין איר געזעלשאַפט.

אינעם דאָזיקן טאָג האָט חוהלע, אויסנוצנדיק אַ מאָ־

מענט, ווען זי איז געווען מיט מירען אַליין, איר דערלאַנגט אַ קאָנווערט און געבעטן אים איבערגעבן אַראָנאָווון. זייענדיק זיכער, אַז דאָס איז דער בריוו, וואָס חוהלע האָט איר געהאַט צוגעזאָגט, האָט מירע אַ צופרידענע אים אַריינגע־לייגט אין איר האַנטבייטל.

חוהלע האָט שוין, וואָס אַן אמת, נישט געהאַט קיין גרויסן חשק מירען צו באַגלייטן צו דער שיף. פּשוט נישט געוואָלט ווידער אויפמישן אַ בינטל אומאָנגענעמע זכרו־נות, וואָס זאָלן זי צוריקפירן צו די פאַרגאַנגענע פיינלעכע יאָרן און ווידער איר פאַרשאַפן אומעט. זי האָט דעריבער, געזעגענענדיק זיך מיט מירען, זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי קאָן זי נישט באַגלייטן. ביים בעסטן ווילן, איז עס איר נישט מעגלעך צו טאָן.

הגם אַראָנאָוו האָט אָפּט באַקומען גוטע בריוו פון מירען וועגן איר קאָלאָסאַלן דערפאָלג, וועגן די אומצאָ־ליקע פאַרערער, וואָס זי האָט באַקומען, ווי מען צאַצקעט זיך מיט איר מיט כסדרדיקע אויפנאַמעס און סתם וויזיטן, מיט איין וואָרט, ווי צופרידן זי איז פון אירע גליקלעכע טעג אין אַמעריקע — האָט ער אָבער שוין שטאַרק געגאַרט זי צו זען, מיט גרויסער אומגעדולד געוואַרט אויף איר צוריקקומען, ממש געציילט די טעג, וואָס האָבן זיך געצויגן און אויסגעזען אין זיינע אויגן ווי יאָרן. און ענדלעך זיך דערוואַרט.

אַחוץ אַראָנאָווון זענען צו דער באַן אויך געקומען אָפּוואַרטן מירען די גאַנצע טעאַטער־טרופּע, אירע חברים. גלייך פון וואָקזאַל איז מען פאַרפאָרן אין טעאַטער, ווו אויף דער בינע איז געווען געגרייט אַ שיין געדעקטער טיש לכבוד מירעס גרויסן דערפאָלג אין אַמעריקע.

נאָכן מאַכן אַ לחיים, ווינטשנדיק זיך נאָך גרעסערע

דערפאָלגן אויף להבא, האָבן חברה געבעטן מירען זיי דער־
ציילן אַביסל וועגן אירע איינדרוקן פון דער רייזע.

מירע, אַ געריריטע פון דער חברישער האַרציקייט, האָט
געדאַנקט פאַר אַלץ און גענומען אויספּירלעך דערציילן.

זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ באַגייס־
טערטן עולם פאַרן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. ס׳איז
נישט געווען דאָס מאָל, אַז צום פינאַל פונעם ספּעקטאַקל
זאָל דער פאָרהאַנג זיך נישט מוזן אויפהייבן עטלעכע מאָל.
מען האָט איר געמאַכט אומגעהויערע שטורמישע אָוואַציעס.
אַ סך מענטשן זענען געקומען הינטער די קוליסן, געווען
גליקלעך איר צו דריקן די האַנט, געדאַנקט פאַרן גוטן שפּילן.
אַנדערע ווידער האָבן זי פאָטאָגראַפירט. אירע בילדער זענען
געווען אין דער פּרעסע. זי איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט
ביז גאָר האַרציקע פריינט, נישט געווען דער טאָג זי זאָל
נישט האָבן געווען ערגעץ פאַרבעטן.

ווייזנדיק די רעצענזיעס, פּרעסע־אָפּרופן, פאָטאָס, האָט
זי צווישן אַנדערע אויך אַרויסגענומען דאָס פאַמיליען־בילד
פון חוהלען, דזשעקן, האַרי און לילי, וואָס זי האָט באַ־
קומען צום אָנדענק פון חוהלען. די שוישפּילער האָבן ווער
מיט נייגער, ווער מיט קנאה, באַקוקט און באַוואונדערט.

ווען די בילדער זענען פון האַנט צו האַנט דערגאַנגען
צו אַראָנאָוון און זיין בליק איז געפאַלן אויפן דערמאָנטן
בילד, האָט ווי אַ שטורעם געטאָן ביי אים אין האַרצן. ער
איז געוואָרן בלייך ווי קרייד. ס׳האָט זיך ביי אים פאַרהאַקט
דער אָטעם און אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן. דאָס
איז דאָך חוהלע — איז ער שיער נישט געפאַלן אין חל־
שות. ער האָט שטיל געפרעגט ביי זיך: איז דאָס מעגלעך,
זיין מירעלע זאָל אין דער ריזיקער אַמעריקע זיך האָבן
צונויפגעטראָפן מיט חוהלען? ער האָט נישט געגלויבט

זײנע אויגן, האַסטיק געגומען די ברילן, נאָך אַ מאָל באַ־טראַכט דאָס בילד. ס'איז אמת! דאָס איז טאַקע זי אַלײן! און דאָס ײנגעלע, װאָס שײנט שױן צו זײן אַ דערװאַקסענער בחור, איז זײן קינד, אהרעלע. ער איז טאַקע שטאַרק ענלעך צו מירעלען. ער איז געװען זיכער, אַז אַזױ איז עס. נישט אַרױסגעבנדיק דאָס בילד צוריק פון האַנט, האָט ער זיך אַ דערשלאָגענער געזעצט אין אַ זײט, פאַרזונקען אין זײנע שװערע מחשבות און פּײנלעכע זכרונות.

װען נישט דאָס, װאָס אַלעמענס אויגן זענען געװען געװאָנדן צו מירען און אַלעמענס געדאַנקען פאַרנומען מיט אירע דערצײלונגען, װאָלט זיכער עמעצער באַמערקט, אַז אַראָנאָװן גײט די גאַנצע שמחה נישט אָן; אַז עפּעס האָט מיט אים פּאַסירט, װאָס האָט פּלוצים געענדערט זײן גאַנצע שטימונג און אויסזען, און ער איז גאָרנישט דער זעלבער װאָס מיט עטלעכע שעה פריער. דערפאַר אפשר האָט אַראָנאָװ געבעטן מער נישט צו מוטשען מירעלען מיט פראַגן, מחמת זי איז זיכער מיד פון דער רײזע און דאַרף זיך אומבאַדינגט אויסרוען. אַלע האָבן צוגעשטימט. מען איז אַװעק פונעם טעאַטער און באַלד זענען דער טאַטע מיט דער טאָכטער געװען בײ זיך אין שטוב.

אַרױסנעמענדיק אין שטוב פון איר האַנט־בײטל פאַר־שידענע קלײניקײטן, האָט מירעלע צװישן אַנדערע אויך אָנגעטראָפן אויף חוהלעס בריװ צו אַראָנאָװן. אים דער־לאַנגט, צוגעבנדיק, אַז דאָס איז פאַר אים, טאַקע פון דער פרוי, װאָס געפינט זיך אויפן בילד און װאָס האָט אים אַמאָל, װי זי זאָגט, זײער גוט געקענט.

מיט קײן גרױסן נײגער האָט אַראָנאָװ זיך נישט גע־אײלט דעם בריװ צו עפענען. ער האָט דערװאַרט אין אים צו געפינען דעם זעלביקן אינהאַלט װי אין איר ערשטן

בריוו, וואָס וועט אים, ווי יענער, אָנפילן מיט מרה־שחורה און יאוש־שטימונגען. נישט וועלנדיק אָבער מירעלע זאָל עפּעס באַמערקן, האָט ער אים פאַרט געעפנט. ער איז גע־בליבן דערשטוינט און איבערראַשט. פאַר זיינע אויגן האָבן אַ שווינדל געטאָן עטלעכע גרעסערע דאָלאַר־באַנקנאָטן. וואָס איז דאָס? האָט ער אַ פרעג געטאָן דערשראָקן. מירעלע! ווער גע... — פון וועמען געהערט דאָס געלט?

מירעלע, אַן אַנטוישטע צו זען אין דעם קאָנווערט דאָ־לאַרן אַנשטאָט אַ בריוו, האָט נישט פאַרשטייענדיק די רע־טעניש, אים געענטפערט: דיר פּאָפּאַ! די פרוי האָט עס מיר געגעבן פאַר דיר.

— פאַר מיר? — פרעגט אַראָנאָוו אויפגעברויזט, — מיר? זיכער נישט. כ׳וויל עס נישט! כ׳וועל זיך צו דעם געלט נישט צורירן.

— פאַרוואָס? — פרעגט מירעלע פאַרוווּנדערט. — וואָס רעדסטו, פּאָפּאַ?

זי איז געווען פאַרחידושט. אמת טאַקע, זי וואָלט גע־ווען צופרידן, ווען ס׳וואָלט זיך צווישן געלט אויך געפונען חוהלעם צוגעזאָגטער בריוו. זי האָט אָבער פונדעסטוועגן נישט געזען קיין סיבה פאַר דער ווירקונג, וואָס דאָס האָט געהאַט אויף איר טאַטן.

— גאָר פּשוט. כ׳וויל נישט נעמען קיין געלט פון אַ מענטשן, מיט וועלכן כ׳האָב מער נישט צו טאָן.

אַראָנאָוום טאָן איז געווען פעסט און אַנטשלאָסן.

— אָבער פּאָפּאַ! כ׳ווייס נישט פאַרוואָס? וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פאָר? — האָט מירעלע אַלץ נישט פאַרשטאַ־נען דעם זינען דערפון, — וועסט דאָך דאָס געלט נישט אַרויסוואַרפן, אָדער איר צוריקשיקן? איך זע נישט פאַר

וואָס נישט אָננעמען במתנה געלט פון עמעצן, וואָס מען איז געווען מיט אים אַמאָל באַקאַנט.

אין דער אמתן האָט זי אויך לחלוטין נישט באַגריפן, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, פאַרוואָס חוהלע האָט נישט צו־געשריבן כאָטש אַ פּאָר ווערטער. באמת נישט צו פאַר־שטיין.

אַראָנאָוו האָט אַ ווײַלע געשוויגן. אין אים איז, ווײַזט אויס, פאָרגעקומען אַ שווערער געראַנגל. מיט אַ מאָל האָט ער זיך ווי אויפגעכאַפּט און שטיל מיט אַ געבראָכענער שטים זיך אָנגערופן:

— הער זיך איין, מירעלע. איך וויל פון דעם געלט נישט געניסן. פאַרפאַלן. וועסט מיט מיר גאָרנישט מאַכן. מען וועט עס אויך נישט צוריקשיקן, אָדער אַרויסוואַרפן. כ׳וויים וואָס מיר וועלן דערמיט טאָן. יעדעס מאָל, ווען דו קומסט צוריק פון דער מאַמעס קבר, ביסטו טרויעריק און פאַרביטערט דערפון, וואָס זי האָט נאָך נישט קיין מצבה, קיינמאָל האָב איך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט דערויף. וועסטו איצטער נעמען דאָס געלט און דערפאַר איר שטעלן די שענסטע מצבה. טאַקע אַזוי ווי זי האָט עס פאַרדינט.

מירעלעס אויגן זענען געוואָרן פאַרלאָפן מיט טרערן.

## פאַרלאַג „המנורה״ תל־אביב

רחוב זנגביל 24 — טעל. 446610

### קאַטאַלאָג

אַנאַ פראַנק — טאָגבוך פון אַ מיידל.
ש. פראַנק — טאָגבוך פון לאַדזשער געטאָ.
באָריס פּאַסטערנאַק — דאָקטאָר זשיוואַגאָ, 2 בענד.
באָריס פּאַסטערנאַק — דאָקטאָר זשיוואגאָ, 1 באַנד.
מענדל מאַן — דאָס הויז צווישן דערנער, 18 ישראל־נאָוועלן.
ראָבערט ס. דזשאָן — דוד בן־גוריון, לעבנס־געשיכטע פון אַן אומגעוויינלעכן מענטש.
מיכאל ווייכערט — זכרונות.
מיכאל ווייכערט — וואַרשע.
מיכאל ווייכערט — יידישע אַליינהילף, 1945 ־ 1939.
מיכאל ווייכערט — מלחמה 1945 ־ 1939.
שלמה שנהוד — מיט חלום איבער תהום, לידער
ל. קיכלער־זילבערמאַן — מיינע 100 קינדער.
אבא גאָרדין — שלמה המלך, היסטאָרישער ראָמאַן.
אבא גאָרדין — משה, זיין לעבן און לערע.
אַנדריי שוואַרץ־באַרט — דער לעצטער פון די צדיקים.
יחזקאל בראָנשטיין — פון אייגן הויז, עסייען וועגן שרייבער און ווערק.
יחזקאל בראָנשטיין — אין פּרדס פון יידיש, עסייען.
הרב א. העפטערמאַן — אַזוי לעבן יידן, רבנים, רבאים און סתם יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.
יצחק גאָלדקאָרן — פון וועלט־קוואַל, קליינע עסייען וועגן גרויסע שרייבער.
יצחק גאָלדקאָרן — לאָדזשער פּאָרטרעטן.
יעקב כהן — בין השמשות, לידער אין פּרייע פערזן.
יעקב צינעמאַן — עמיל זאָלאַ, דאָס לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער.
אריה בוסתן — חיים ווייצמאַן, לעבן און ווערק.
אברהם גאָפלאַט — געשטויגן און געפלויגן, ישראל אויף פריילעך.
יעקב זינגער — דער יונגער דזשייקאָבס, ראָמאַן (אויס־פאַרקויפט).
י. כהן — אין פלאַם פון דאָרן, לידער.

דר' חיים שאָשקעס — צווישן יידן אין ווייטע לענדער.

יוסף זשעמיאַן — די פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ דריי־קרייצן.

יוסף גאר — אַזוי איז עס געשען אין ליטע.

שלמה ראָזענבערג — שבתי צבי, היסטאָרישער ראָמאַן.

מלכה חפץ־טוזמאַן — שאָטנס פון געדענקען, לידער.

בעריש ווײַנשטיין — באַשערטע לידער.

ז. בונין — פון פּרילינג ביז האַרבסט.

מאיר זימל טקאַטש — מיין האָב און גוטס, געזאַמלטע פּערזן, 2־טער באַנד.

ארגון יוצאי קוטוב — ספר יזכור — קוטוב (הוצולסקי).

ל. קוסמאַן — בלעטער רוישן, לידער.

אפרים קאגאנאָווסקי — די טונקעלע דירה (מיין קינדהייט).

ב. פערדערבער־זאַלץ — און די זון האָט געשיינט.

י. א. גלבוע — העברעאישער ביכער־שאַנק.

י. איידלמאַן — פון געריכט, פון ראַבינאַט, פון גאַס.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו — מיין שיר־השירים, לידער.

י. ד. בערקאָוויטש — „אונדזערע ראשונים", 5 בענד. (זכרונות־דערציילונגען וועגן שלום־עליכם און זיין דור).

וואָלף יאסני — „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש, אין די יאָרן פון דייטשער יידן־אויסראָטונג" (1942 ־ 1945).

דר' עמנואל פּאַט — „האַרצקראַנקייטן", האַרץ־פעלערן, הויכער בלוט־דרוק, געפאַרן פון האַרץ־אַטאַקן.

ישעיהו טשערניכאָווסקי — „לכבוד יום־טוב", געדאַנקען און אויסטייטשונגען פון אַלע ימים־טובים.

ל. קוסמאַן — „לידער אין אַ קראַנץ".

מ. צאַנין — „אויף די וועגן פון יידישן גורל".

מאַרק כינאי — „פון צאַרישן און סאָוויעטישן אונטערגרונט".

מאַטעס דייטש — „לעצטע לידער".

ה. פערלמוטער — מיין סטערצעוו, הקדמה פון אברהם סוצקעווער און סטאַניסלאַוו וויגאָדזקי.

## יידיש־עברית

א. קריב — ליטא מכורתי, מיין היימלאַנד ליטע. (עברית ־ יידיש).

צ. צאַנין — העברעאיש־יידישער ווערטערבוך, אין 2 פראַכט־בענד (45000 ווערטער).
רחל קאָרן — „שירים ואדמה — לידער און ערד". (עברית־יידיש, פּאָעזיע און פּראָזע).

## ע ב ר י ת

ב. אפשטיין — בערבות הפּאמפּה, לנוער.
דר' י. הרצוג — נדודי במלחמה ויאסלו עירי.
מיכאל ווייכרט — מסילת־חיים ומשעוליה.
דר' חיים שאָשקעס — עולם ומלואו של ר' חיים.
מ. ח. רוטבלאַט — פּכים קטנים, בקורת ספרותית ובעיות החינוך העברי באמריקה.
משה ויטיעס — מסות על ספרות, תרגום מיידיש: שלמה שנהוד.
יוסף פּפירניקוב — פּרי גני, שירים.
מ. צאַנין — תל־עולם, מסע על פּני 100 עיירות נחרבות.
רחל אוירבאַך — מרד גיטו ורשה.
דר' ראובן בן־שם — אני והוא, פּסיכולוגיה פּרוידיאנית.
פּיוטר ראביץ — דם השמים.
ל. קוסמאַן — „דמויות מליטא" (עברית).

## צענטראַלע פאַרשפּרייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט פון:

רבקה געווירצמאַן — „אויפן בערגל פון נגב", ראָמאַן.
פייגע גרינשפּאַן — „אַ לעבן אויף ראַטעס".
חוה קעסטין — „אין אונדזערע טעג", נאָוועלן.
לייבל קופּערשמידט — „פאַררונדיקטע לעגענדע, דראַמאַטישע פּאָעמע.
יוסף לודען — „איבער צעבראָכענע בריקן", ראָמאַן.
ק. צעטניק — „דאָס הויז פון די ליאַלקעס".
ק. צעטניק — „דער זייגער איבערן קאָפּ".
י. א. סענעד — „ערד אָן שאָטן", ראָמאַן.
נחמן מייזל — „קעגנזייטיקע השפּעות אין וועלט שאַפן".
י. אוסטרי־דן — „אין וואונדערלאַנד פון מאַייאַב".
אלמאַנאַך — פאַר ליטעראַטור און קונסט, פון יידישע שרייבער אין ישראל, 1966־67.